פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

קארל ראדעק

# די הײַנטצײַטיקע וועלט־ליטעראטור
# אונ די אופגאבנ
# פונ דער פראָלעטארישער קונסט

פאָרטראָג אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ
צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטישע שרײַבער

פארלאג „עמעס", מאָסקווע, 1934

— מאווײרימ, *אלעקסײ מאקסימאָוויטש* האָט אינ זײַנ פּאָרטראָג מיט ברײטע שטריכנ אָנגעוואָרפנ דאָס בילד פונ דער אנט־וויקלונג פונ דער ליטעראַטור זינט דעמ מאָמענט, ווענ די מענטשהײַט, נאָכ ניט קײנ צעשפּאָלטענע אויפ קלאסנ, האָט אינ לידער אונ מײַסעלעכ אָפּגעשפּיגלט איר קאמפ פארנ לעבנ, ביזנ מאָמענט פונעמ אָנהײב צע־פאלונג פונ דער בורזשואזער ליטעראַטור. די געשיכטע פונ דער ליטע־ראַטור פונ דער קלאסנ־געזעלשאפט איז די געשיכטע פונ דעמ, ווי די ליטעראַטור האָט זיכ אָפּגעריסנ פונעמ לעבנ פונ די פאָלק־מאסנ.

אויפ מײַנ בליק איז אויסגעפאלנ די כאראקטעריסטיק פונעמ לעצטנ פּעריאָד פונ דער דאָזיקער ליטעראַטור, פונעמ פּעריאָד, ווענ אלע פּאַ־ראזיטישע, אלע יערידע=טענדענצנ פונ דער בורזשואזער ליטעראַטור זײַנענ ארויסגעטראָטנ אמבוילעטסטנ.

זעלבסטפארשטענדלעכ, אַז פּונקט אזוי, ווי די צעפאלונג פונעמ קאפּיטאליזמ איז ניט קײנ דורכויסיקער פּראָצעס, אויפ וויפל אויכ אי־נעמ פוילונג־פּעריאָד פונעמ קאפּיטאליזמ האָבנ מיר אַ דערשײַנונג פונ צײַטווײַליקנ פּראָגרעס אויפ געוויסע באצירקנ, אויפ געוויסע געביטנ, — פּונקט אזוי איז די ליטעראַטור פונעמ פוילנדיקנ קאפּיטאליזמ נאָכ אימשטאנד אויפ געוויסע געביטנ, בא געוויסע נאציעס, אויפ געוויסע בא־צירקנ צו געבנ ווערק פונ גרויסער קונסט.

די אויפגאבע באשטײט אינ דערזענ אונ באווײַזנ די אלגעמײנע לי־ניע פונ דער דאָזיקער אנטוויקלונג.

די הײַנצײַטיקע ליטעראַטור איז די ליטעראַטור, וואָס הײבט זיכ אָנ פונ דער *וועלט־מילכאָמע*.

די דרײַ גרעסטע היסטאָרישע געשעענישנ פונ די לעצטע צוואנציק יאָר זײַנענ דער *קריטערי*, וואָס לויט אימ קאָנטראָלירנ מיר דורכ דעמ אינהאלט אונ די ריכטונג פונ דער וועלט־ליטעראַטור. די דאָזיקע דרײַ געשעענישנ זײַנענ פאָלגנדיקע: *די וועלט־מילכאָמע*, *די אָקטיאבער־רעוואָלוציע אונ דאָס קומענ פונ די פאשיסטנ צו דער מאכט אינ אַ רײ לענדער*. פאר עס־

מענ קאָנ דאָס אויסזענ זייער מאָדנע. וואָס־זשע איז עס פאר א כא־ראקטעריסטיק פונ דער ליטעראטור, וואָס נעמט ניט קיינ עסטעטישנ קריטעריע, נאָר דעמ קריטעריע פונ גרויסע היסטאָרישע געשעענישנ. אָבער אינ אונדזער סוויווע קומט ניט אויס צו אמפערנ זיכ וועגנ דעמ, אז וויבאלד די ליטעראטור איז אנ אָפּשפּיגלונג פונעמ געזעלשאפט־לעכנ לעבנ, איז, פארשטענדלעכ, אז די מאָס אירע איז טאקע די בא־ציונג צו אזוינע אויסערסט גרויסע פאקטנ פונ דער היסטאָרישער אנט־וויקלונג, ווי די מילכאָמע, די אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ דער פא־שיזמ.

# די וועלט־ליטעראטור אונ די מילכאָמע

באוויירימ, די באציונג פונ דער בורזשואזער וועלט־ליטעראטור צו דער מילכאָמע איז דער סאמע גרונטיקער פאקט, וואָס פונ אימ דארפ מענ ארויסגיינ. אלע שרייבער פונ דער אינטערנאציאָנאלער ליטעראטור, וואָס האָבנ געהאלטנ, אז זיי שטייענ איבער די קלאסנ, איבער די קאָנקרעטע מאטעריעלע אינטערעסנ, וואָס האָבנ זיכ געהאלטנ פאר די פארשטייער פונ דער ריינער קונסט, האָבנ אינעמ מאָמענט, ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די מילכאָמע, זיכ ארויסגעוויזנ אפ דער זייט פונעמ אימפעריאליזמ, וואָס האָט געוואָרפנ אינעמ אָפגרונט פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע מיליאָנענ ארבעטער אונ פויערימ.

אפילע אזוינע מענטשנ ווי אנאטאָל פראנס, דער טיפסטער סקעפטיקער, א מענטש, וואָס איז געווינט אפילע אינעמ אופשטאנד פונ די מאלאָכימ צו זוכנ א מאטעריעלנ אונטערשלאק, — אויכ ער האָט געגלייבט, אז די מילכאָמע איז אנטשטאנענ אָנ קיינ שומ עקאָנאָמישע סיבעס, אָנ דעמ קאמפ פונ די טרעסטנ אונ קארטעלנ, אונ ער „האָט געקעמפט פאר דער דאָזיקער מילכאָמע".

פונ די גרויסע בורזשואזע שרייבער פונ די קריגספירנדיקע לענדער האָט בלויז דער גרויסער הומאניסט ראָמענ ראָלאנ ניט קאפיטולירט פארנ מאָלאָכ פונעמ אימפעריאליזמ אונ, פארשטעלנדיק דאָס פאָנעמ פונ די מילכאָמע־גרוילנ, האָט ער זיכ געפרווט היילנ די וואונדנ אירע, אָרגאניזירנדיק הילפ פאר די קריגס־געפאנגענע.

בלויז צוויי שרייבער מיט א וועלט־נאָמענ האָבנ זיכ אינ יענער צייט ארויסגעוויזנ קעגנ דער מילכאָמע. דאָס זיינענ מאקסימ גאָרקי, וועלכע האָט שוינ דאנ דערוויזנ, ווי גערעכט עס איז געווענ לענינ, וואָס האָט אימ אָנגערופנ פראָלעטארישער שרייבער, אונ אונדזער גאָר אלטער פריינט — כ' אנדערסענ נעקסע (אפלאָדימ־

מענטשן). און דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען ניט צופֿעליק: בײדע זײַנען זיי געווען פֿאַרשטייער פֿונעם אַרבעטער־קלאַס.

דאַן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיפֿע ווירונג אין די פֿאָלק־מאַסן, וואָס זײַנען פֿאַרמאַטערט געוואָרן פֿון דער מלחמה, באַווײַזט זיך די ערשטע פּראָטעסט־שוואַלב קעגן דער מלחמה, און ווידער ניט קיין צופֿעליקער, ווי די געשיכטע האָט באַוויזן: אנרי באַרביוס טרעט אַרויס אין 1916 יאָר מיט זײַן בוך „אין פֿײַער". וואָס וולאדימיר איליטש און מיר אַלע, וואָס זײַנען מיט אים געווען אין דער שווייץ, האָבן גלײַך דעפֿינירט אַלס אויסדרוק פֿון אַן אָנהייב פֿונעם פּראָטעסט פֿון די פֿאָלקמאַסן.

אין זײַן בוך, וואָס די באַדײַטונג פֿון אים באַשטייט אין דער ערשטער ריי דערין, וואָס ער שילדערט מיט אומגעווײנלעכער עמפּעדי־קײַט די מלחמה, ווי אַ קאַטאַסטראָפֿע און געניעם פֿאַר די פֿאָלקמאַסן, פֿירט באַרביוס אַרויס דעם קאַפּראַל בערני בערטראַם, וואָס שטעלט פֿאַר זיך די פֿראַגע: מיט וואָס וועט די געשיכטע פֿאַרגלײַכן אין דער צוקונפֿט די קאָרבאָנעס פֿון דער וועלט־מלחמה, צי וועט זי זיי פֿאַר־גלײַכן „מיט די מעשׂיות פֿון פּלוטאַרכס און קאָרנעליס העלדן, אָדער מיט די העלדישקײַטן פֿון די אַפּאַשן?"

און שטייענדיק אין די שוץ־גראָבנס אין דער דאָזיקער שוואַרצער נאַכט פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואַרפֿט דער קאַפּראַל בערני בערטראַם צום פֿראַנצויזישן סאָלדאַט אַ נאָמען, וואָס דריקט אויס די צוקונפֿט: ער רופֿט אָן דעם נאָמען קאַרל ליבקנעכט.

באַוווּסט, דער קאַפּראַל בערטראַם איז נאָך ניט געווען קיין קעמ־פֿער קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, ווײַל אָנרופֿנדיק ליב־קנעכטס נאָמען האָט דער קאַפּראַל גלײַכצײַטיק געזאָגט:

„אָבער אָט דאָס איצטיקע איז נייטיק, נייטיק! אַ שאַנד דעם מיל־כאָמע־רום, אַ שאַנד די אַרמייען, אַ שאַנד דער מלאָכע פֿונעם סאָל־דאַט, וואָס פֿאַרוואַנדלט די מענטשן לויט דער ריי דאָ אין מאַרכלאָזע קאָרבאָנעס, דאָ אין נידערטרעכטיקע הענקער. יאָ, אַ שאַנד! דאָס איז עמעס — נאָר דאָס איז צופֿיל עמעס! אַן עמעס פֿאַר דער אייביקײַט, אָבער נאָך ניט פֿאַר אונדז. דאָס וועט זײַן אַן עמעס, ווען מע וועט אים אונטערשטרײַכן צווישן אַנדערע עמעסן, וואָס באַקומען זיי וועלן מיר קאָנען ע״שנ שפּעטער, ווען עס וועט זיך אָפּריינקן אונדזער

גײַסט, אָבער מיר זײַנענ נאָכ װײַט פונ דעם. איצט, אינעם געגעבענעם מאָמענט, איז דער דאָזיקער עמעס קימאט א פארגרײַזונג, דאָס דאָזי־קע הײליקע װאָרט איז בלויז א גאָטלעסטערונג".

אונ ערלעכער, דענקענדיקער סאָלדאט, ער האָט געזענ דעם אופ־שטאנד קעגנ דעם אימפעריאליזם בלויז אינ דער װײַטער צוקונפט. אופנעמענדיק די אימפעריאליסטישע מילכאָמע, אלס קעגנװארט, װאָס קעגנ דעם קאָנ מענ ניט בונטעװענ, האָט ער אויסגעדריקט די פארמא־טערטקײַט פונ די פאָלקמאסנ, אָבער ער האָט נאָכ ניט אויסגעדריקט זײער אופשטאנד־גײַסט.

דער אימפעריאליזם האָט געהאלטנ בא זיכ אינ די הענט די װעלט־ליטעראטור פונ דער בורזשואזיע אונ האָט זי געצװוּנגענ דינענ די אינ־טערעסנ פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. אונ ערשט נאָכ דער מילכאָמע, װענ די אָקטיאבער־רעװאָליוציע אונ די רעװאָ־ליוציאָנערע באװעגונג אינ אלע לענדער האָבנ געצװוּנגענ די בורזשו־אזיע צו צװײפלענ, צי קאָנ מענ ריזיקירנ נאָכאמאָל װארפנ די פאָלק־מאסנ אינ אָפגרונט, װאָס פונ אים גײענ די פאָלקמאסנ ארויס אלס טרעגער פונ רעװאָליוציע, באװײַזט זיכ אינ אלע לענדער א ברײטע פאציפיסטישע ליטעראטור, װאָס פראָטעסטירט קעגנ מילכאָמע. די דאָזיקע ליטעראטור איז א קאָלאָסאלע. מע קאָנ ניט אויסרעכענענ אלע אװטאָרס, װאָס האָבנ נאָכ דער מילכאָמע אויסגע־דריקט עקל צו מילכאָמע. דער סאמע באװוּסטער פונ די אלע שרײַבער איז רעמארק אונ עס לוינט זיכ אָפצושטעלנ אָפ זײַנע ראָמאנענ, װײַל זײ באװײַזנ, אז די דאָזיקע ליטעראטור זעצט פאָר די ליניע פונ אונטערװארפנ זיכ דעם אימפעריאליזם, ניט געקוקט אָפנ פראָטעסט קעגנ אים.

אינ זײַנ ערשטנ בוכ „אופנ מערעװ־פראָנט — קײנ נײַעס". גיט רעמארק א שװידערלעכ בילד פונ דער אויסראָטונג פונ די פאָלק־מאסנ אינ דער מילכאָמע, ניט באװײַזנדיק אינערגעץ קײנ פראָטעסט. אינ אנ אנדער בוכ, „דער צוריקקער", װו ער פירט ארויס זײַנע מילכאָמע־העלדנ, נאָכ דעם װי זײ קערנ זיכ צוריק אהײם, האָט ער אמבולעטסטנ אויסגעדריקט ניט בלויז די אָנמעכטיקײַט פונ דער בור־זשואזער ליטעראטור אנטקעגנ דער מילכאָמע, נאָר אויכ דאָס ניט װעלנ קעמפנ קעגנ איר. זײַנ העלד קומט צו פאָרנ אינ דײַטשלאנד, װו עס קומט פאָר א בירגערקריג, אונ פונ דעם דאָזיקנ בירגערקריג אנט־לויפט ער אינ דאָרפ, קעדײ צו פארנעמענ זיכ מיט לערערײַ. פארװאָס

אנטלויפט ער אהינצו? וואס טראגט ער פאר די קינדער, וועלכע ע־ דארפ זיי לערנענ? ער זאגט אינעם דאזיקנ בוכ:

„אט שטיי איכ פאר אײַכ, איינער פונ הונדערטער טויזנטער באנקראטנ, וואס דעמ גאנצנ גלויבנ אונ קימאט די גאנצע קרעפטנ זייערע האט צעשטערט די מילכאמע; אט שטיי איכ פאר אײַכ, אונ פיל, אפ וויפל עס איז אינ אײַכ פאראנ מער לעבנ אונ פעדעמ, וואס בינדנ אײַכ צונויפ מיטנ לעבנ, ווי בא מיר; אט שטיי איכ פאר אײַכ, אייער צוקונפטיקער לערער אונ אנפירער. וואס זאל איכ אײַכ לערנענ? זאל איכ אײַכ דערציילנ, אז צו צוואנציק יאר וועט איר שוינ זײַנ צעקאר־ליעטשעטע, אויסגעטריקנטע מענטשנ, אז אײַערע פרײַע אינסטינקטנ וועלנ פארוועלקט ווערנ, אונ איר וועט זיכ ארויסווײַזנ אנראכמאנעסדיק צונויפגעפרעסטע אינ א סכוירע — צו צוועלפ אינ א טוץ? דערציילנ אײַכ, אז די גאנצע בילדונג, די גאנצע קולטור, די גאנצע וויסנשאפט — דאס איז דער גרויזאמער כויזעק אונ ניט מער, קאלזמאנ די מענטשנ וועלנ אינעמ נאמענ פונ גאט אונ מענטשלעכקײַט פארניכטנ איינער דעמ אנדערנ מיט גיפטיקע גאזנ, מיט אײַזנ, פולווער אונ פײַער".

רעמארקס העלד קומט אפילע אינ קאפ ניט ארײַנ דער געדאנק, אז מע קאנ לערנענ, וויאזוי צו פארניכטנ די געזעלשאפטלעכע ארדענונג, וואס געבוירט מילכאמעס.

„א טייל פונ מײַנ לעבנ איז געווענ אפגעגעבנ דער צעשטערונג־ארבעט, מײַנ לעבנ האבנ פארכאפט האס, פײַנטשאפט, טויט. אבער איכ בינ געבליבנ א לעבעדיקער... איכ וויל ארבעטנ איבער זיכ. איכ וויל, אז מײַנע הענט זאלנ הארעווענ אונ דער געדאנק זאל ארבעטנ. איכ וויל זײַנ א באשיידענער אונ גיינ פארויס, אפילע ווענ עס וואלט זיכ געוואלט פארבלײַבנ אפנ ארט. מע דארפ פיל זאכנ אופשטעלנ, מע דארפ א סאכ ארבעטנ. מע דארפ אפגראבנ דאס, וואס עס איז פארשאטנ געווארנ אינ די יארנ פונ גראנאטנ אונ קוילנווארפערס. אבער ניט יעדערער דארפ זײַנ א פיאנער. עס זײַנענ נייטיק אויכ שוואכערע הענט אונ קלענערע קרעפטנ. צווישנ זיי וועל איכ זיכ באמיענ געפינענ מײַנ ארט, אונ דאנ וועלנ די טויטע אנשווײַגנ ווערנ, אונ די פארגאנגענהײַט וועט מיכ ניט פארפאלגנ, נאר העלפנ".

*ניט יעדערער קאנ זײַנ א פיאנער!* רעמארק וויל ניט זײַנ קיינ פיאנער פונעמ קאמפ קעגנ דעמ אימפעריאליזמ. ער האפט, אז זײַנ קליינינקע ארבעט — דאס לערנענ קינדער — וועט צווינגענ

אנשוויגנ ווערנ די טויטע. אָבער מיר ווייסנ, אז די דאָזיקע באשיידענע העלדנטאטנ פונעם הער רעמארק האָבנ ניט בלויז ניט געצווונגענ אנשוויגנ ווערנ די טויטע, נאָר אז די זעלבע פאבריק פונ טויטע, וואָס האָט געליפערט אזויפיל קארבאָנעס דעמ מאָלאָכ פונ מילכאָמע אינ די יאָרנ 1914 — 1918, גרייט צו א נייע מאסנ־פּראָדוקציע פונ טויטע. אונ רעמארק אליינ, וואָס האָט אינ זיינע ביכער פּראָטעסטירט קעגנ מילכאָמע, איז איצט אנ אנטלאָפענער פונעמ לאנד, פונעמ לאנד, וואָס עס האָט דעראָבערט דער זעלבער פאשיזמ, קעגנ וועלכנ ער האָט זיכ ניט געשלאָגנ, אונ וועלכער איז א רעזשימ פונ צוגרייטנ א נייע מילכאָמע.

נאָר אויב אינ די דאָזיקע ביכער רעמארקס איז צו זענ כאָטש א וואָסער ס'ניט איז אינערלעכנ פּראָטעסט קעגנ אלע גרוילנ פונ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, איז די היינטיקע פאציפיסטישע „אנטימילכאָמישע" ליטעראטור פונ דער בורזשואזיע שוינ ניט בלויז וואָס זי דערקלערט איר באנקראָט אלס קאמפּ קעגנ דער מילכאָמע, נאָר זי גייט אויכ אריבער צו אנערקענענ די אומפארמיידלעכקייט פונ א נייער מילכאָמע.

נעמט כאָטשבי די ביכער, ארטיקלענ, ארויסטרעטונגענ פונ ז ש ו ל ר אָ מ ע נ, וואָס געהערט דאָכ צו די ליטערארישע הומאניסטנ, וועלכע פּראָקלאמירנ שאָלעמ צווישנ פעלקער אפ דער באזע פונ אינטעלעקטועלער מיטארבעטונג. ער פּראָקלאמירט אינ זיינע ווערק די אידייע פונ פאראייניקטע שטאטנ פונ אייראָפּע, וואָס אויב דאָס וואָלט ניט געווענ קיינ אוטאָפּיע, וואָלטנ זיי געווענ די אָרגאניזאטערס פונ א מילכאָמע פונ די אייראָפּעיִשע אימפּעריאליסטישע מעלוכעס קעגנ די פאראייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע, קעגנ יאפּאָניע אָדער פּססר. נעמט דעמ בוכ פונ ו ע ל ס, דעמ אווטער פונ „מ י ס ט ע ר ב ר י ט ל י נ ג", וואָס האָט אויסגעדריקט א הומאניטארנ פּראָטעסט קעגנ מילכאָמע. וואָס פאר א פּערספּעקטיוו אנטוויקלט ער איצט פאר דער מענטשהייט? לויט וועלסנ איז אומפארמיידלעכ א מילכאָמע, פונעמ 1935 ביזנ יאָר 1985. 50 יאָר וועלנ מענטשנ אויסראָטנ איינער דעמ אנדערנ.

מיט צוויי־דריי יאָר צוריק האָט וועלס געהאָפט, אז מע וועט נאָכ קענענ אויסמיידנ א מילכאָמע. אינעמ ראָמאנ „ד י ד י ק ט א ט ו ר פ ו נ מ י ס ט ע ר פּ ע ר ה ע מ" פירט ער ארויס דעמ פאשיזמ אינ ענגלאנד, וואָס הייבט אָנ א מילכאָמע קעגנ דעמ פּססר. די מילכאָמע ענדיקט זיכ מיט אנ אלגעמיינעמ געראנגל, אָבער דער קלוגער קאפּיטא־

ליסט דערמאָרדעט דעם שעפ פונעם שטאב, וואָס גרייט צו די דאָזיקע מילכאָמע אונ ער ראטעוועט די מענטשהייט. דערלערנענדיק דעם שיקזאל פונ אייראָפּע, שרײַבט צו הער וועלס אינ צוויי יאָר ארום א נײַ קאפּיטל צו זײַנ געשיכטע פונ דער מענטשהײַט, א קאפּיטל וועגנ א נײַער מילכאָמע, אלס אומפארמײַדלעכע נויטווענדיקײַט.

מיר האָבנ פאר זיכ א פולשטענדיקנ, ענדגילטיקנ באנקראָט פונ די פאציפיסטישע אידייענ אינ דער ליטעראטור. דאָס אָרט פונעם אָפּיום, וואָס מע דערלאנגט די מאסנ אפּ אײַנצושלעפערנ זיי אינעם מאָמענט פונ רעוואָלוציאָנערנ אופשטײַג אינ די יאָרנ 1918 — 1923, פארנעמט דאָס פרײדיקנ מילכאָמע אינעם מאָמענט, ווענ א רײ אימפּעריאליסטישע לענדער האָט אָנגעהויבנ דעם קאמפּ פאר איבערטײלנ די וועלט אונ איז אריבער פונעם פאציפיסטישנ אָפּנארנ די פאָלק-מאסנ צו אנ אָפענער מילכאָמע-צוגרײטונג. עס אנטשטייט א ליטעראטור, וואָס גרייט אָפּנ צו די דאָזיקע מילכאָמע. אינ יאפּאָניע עקזיסטירט א גאנצע אינדוסטריע, וואָס שאפט די דאָזיקע ליטעראטור. ראָמאנענ, וואָס שטעלנ פאָר מיט באגײַסטערונג די צוקונפטיקע מילכאָמע, דערשײַנענ צענדליקערווײַז, אונ זיי ווערנ געוואָרפנ אינ די פאָלקמאסנ אינ מיליאָנער עקזעמפּליארנ. הײַנט — א ראָמאנ וועגנ מילכאָמע מיטנ ראטנפארבאנד, מאָרגנ — א ראָמאנ וועגנ מילכאָמע מיט אמעריקע.

אינ דײַטשלאנד אנטשטייט א נײַע „הערויִשע” ליטעראטור. אָט די אלע יאָסטנ, בעמעלבורגנ אא., — דאָס זײַנענ מענטשנ, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ די אידייִשע מילכאָמע-צוגרייטונג.

פונעם שטאנדפּונקט פונ קונסט האָט די דאָזיקע ליטעראטור קיינ שום ווערט ניט. דאָס איז רעקלאמע פאר די פאבריקנ פונ די צוקונפטיקע טויטע. אונ ווידעראמאָל דארפ מענ זאָגנ, אז קעגנ דער דאָזיקער ליטעראטור פונעם אָפענעמע פאשיסטישנ, אימפּעריאליסטישנ פלאנג געפינט ניט די בורזשואזע ליטעראטור אינגאנצנ גענומענ קיינ קעגנגיפט, ווײַל זי אלײנ האָט אָנערקענט דעם באנקראָט פונעם פאציפיזם אונ האָט אינ דער זעלבער צײַט מוירע פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ קענ צו איר ניט אפּעלירנ.

אונטערצײַענדיק די סאכאקלענ פונ דער באציונג פונ דער בורזשואזער ליטעראטור צו דער דאָזיקער ערשטער, גרעסטער וועלט-געשעעניש, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער מענטשהײַט 10 מיליאָנ טויטע, וואָס האָט,

צעגראָבנ, צעשטערט דעמ גאַנצנ באָדנ פונעמ קאַפיטאַליזמ, דאַרפ מענ זאָגנ: די וועלט-ליטעראַטור פונ דער בורזשואַזיע האָט אויסגעשפילט איר אופגאַבע. זי איז ניט געוואָרנ די פּראָטעסט-שטימ אונ די קאַמפ-שטימ קעגנ דעמ וועלט-אימפעריאַליזמ,— זי איז געוואָרנ א מיטל צו רימענ מילכאָמע, אָדער איינצושלעפערנ די שלאַכט-גרייטקייט פונעמ פּראָלעטאַריאַט.

די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פונ מייַרעוו מאַכט ערשט די ערשטע שריט. מיר קאָנענ אינ איר געפינענ א ריי ווערק, וואָס ווענדנ זיכ טאַקע צומ בוגט פונ די פאָלקמאַסנ קעגנ מילכאָמע. דאָס זיינענ ווערק פונ פאַרשיידענעמ ווערט, אָבער דאָכ פונ אי. בעכערס ראָמאַנ, וואָס פּראָקלאַמירט א בונט קעגנ מילכאָמע, פונ פּליוויעס ראָמאַנ, וואָס האָט אונדז געגעבנ א בילד פונעמ אופשטאַנד אינעמ דייַטשישנ פלאָט, הייבט זיכ אָנ די פּראָלעטאַרישע אַנטימילכאָמישע ליטעראַטור. א גאַנצע ריי אָנפאַנגערישע פּראָלעטאַרישע שרייבער איז ניט בלויז וואָס זיי דריקנ אויס א פּראָטעסט קעגנ מילכאָמע, נאָר זיי פּרווונ זיכ אָפּשפיגלענ דעמ קאַמפ פונ די פאָלקמאַסנ קעגנ מילכאָמע.

אונדזערע יאַפּאַנישע כאַווייריִמ האָבנ זיכ איינגעשאַפנ אָנ אומשטערבלעכנ רומ. ניט געקוקט אפנ גאַנצנ ווילדנ דרוק פונ דער אימפּעריאַליסטישער צענזור, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס די טורמעס פונ יאַפּאַניע זיינענ געפּאַקט מיט די קעמפער פונעמ פּראָלעטאַריאַט, האָט די יונגע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אינ יאַפּאַניע באַוויזנ אָפּצושפיגלענ אַפילע די גערונג, וואָס קומט פאָר אינ דער יאַפּאַנישער אַרמיי אינ מאַנדזשוריע, האָט באַוויזנ צו געבנ א גאַנצע ריי פאַרצייכענונגענ, ווו דער דאָזיקער קאַמפ געפינט זיינ אויסדרוק. זיי פּרווונ זיכ ניט בלויז אָפּצושפיגלענ דעמ קאַמפ פונ די פאָלקמאַסנ, וואָס הייבט זיכ אָנ, נאָר אויכ צו סטימולירנ דעמ דאָזיקנ קאַמפ, צו ווירקנ אפ דעמ דאָזיקנ קאַמפ.

אָבער מיר טאָרנ, כאַווייריִמ, ניט פאַרגעסנ, אַז אפ דעמ דאָזיקנ געביט איז פאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פאַראַנ אָנ א שיר אַרבעט. די ליטעראַטור פונ דער בורזשואַזיע האָט זיכ געשטעלט אפ די קני פאַרנ מאַלאָכ פונ מילכאָמע. די ליטעראַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט דאַרפ געבנ די פאָלקמאַסנ א בילד פונ דעמ קאָמפּליצירטסטנ מעכאַניזמ פונ מאָרדנ, פונ צעשטערונג, וואָס דער היינטצייטיקער קאַ-

פּיטאַליזמ האָט געשאַפֿנ, באַווײַזנ די פֿעדעמ, וואָס מיט זיי ער הילפֿט אָנ דער מאָנאָפּאָליס־טישער קאַפּיטאַל מיט די מאַריאָנעטקעס פֿונ דער דיפּלאָמאַטיע אונ טרײַבט די פֿאָלקמאַסנ אַפֿ מילכאָמע. פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַ־טור שטייט די אויפֿגאַבע אָפּצושפּיגלענ דעמ פּראָטעסט פֿונ די פֿאָלקמאַסנ. זייער שטרעבונג צומ קאַמפֿ אונ באַווײַזנ זיי דעמ אויסוועג פֿונ דער מיל־כאָמע, וואָס דער סאָוועטישער פּראָלעטאַריאַט האָט געפֿונענ, אומוואַרפֿנדיק די מאַכט פֿונ דער בורזשואַזיע אונ שאַפֿנדיק די פּראָלעטאַ־רישע רעפּובליק.

אונדזערע אויסלענדישע פֿרײַנט, די שרײַבער, פֿרעגנ אָפֿטמאָל, וואָס זאָלנ זיי טאָנ אינ פֿאַל פֿונ אַ מילכאָמע. אייניקע פֿונ זיי מעלדנ, אַז אַלמערשטנ וועלנ זיי זיכ שטעלנ אינ די רייענ פֿונ דער רויטער אַר־מיי. מיר שאַצנ הויכ די דאָזיקע געפֿילנ, אָבער מע דאַרפֿ זיי זאָגנ: טראַכט ניט וועגנ דעמ, וואָס איר וועט טאָנ ביימ דער מילכאָמע, נאָר טראַכט צוערשט וועגנ דעמ, וואָס איר, אַלס קינסטלער, דאַרפֿט טאָנ איצט, ווענ די מילכאָמע האָט זיכ נאָכ ניט אָנגעהויבנ, קעדיי צו באַווײַזנ די ברייטסטע פֿאָלק־מאַסנ, וואָס פֿאַראַ שיקזאַל עס גרייט זיי דער אימ־פּעריאַליזמ אינ דער נײַער מילכאָמע (אַפּלאָדיס־מענטנ).

די ערשטע אויפֿגאַבע פֿונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז געווענ דאָס בילד פֿונ דער מילכאָמע־צוגרייטונג פֿונעמ אימפּעריאַליזמ, געבנ דאָס בילד פֿונ דער גרויסער פֿרידלעכער אַרבעט אינעמ ראַטנפֿאַר־באַנד, אונ באַווײַזנ די פֿאָלקמאַסנ, פֿאַרוואָס מע וועט זיי טרײַבנ אַפֿ מילכאָמע אונ וויאַזוי מע דאַרפֿ קעגנ דעמ קעמפֿנ.

## די וועלט־ליטעראַטור אונ די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע

די וועלט־ליטעראַטור האָט געבוירנ די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

די ליטעראַטור פֿונ דער וועלט־בורזשואַזיע איז פֿונ דער געשיכטע געשטעלט געוואָרנ פֿאַר דער פֿראַגע: וואָס־זשע שטעלט מיט זיכ פֿאָר די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אונ ווי דאַרפֿ מענ זיכ צו איר באַציענ?

די צווייטע דורכקאָנטראָלירונג איז די וועלט־ליטעראטור דורכגעגאנגענ פונקט אזוי, ווי די ערשטע.

די צוקונפטיקע געשיכטע וועט געפינענ שראנקענ מיט ביכער, פאמפלעטנ אונ ראָמאנענ, ווו די קאָריפייענ פונ דער בורזשואזער וועלט־ליטעראטור האָבנ פאָרגעשטעלט דעמ דאָזיקנ ראטנ־פארבאנד, ווי א גענעמ, אונ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע — אינ בעסטנ פאל, ווי א בונט פונ קנעכט, וואָס די מילכאָמע האָט זיי ארויסגעבראכט פונ די קיילימ.

מיטנ אויסנאמ פונ עטלעכע שרייבער, ווי ר אָ מ ע נ ר אָ ל א נ, ווי ב ע ר נ א ר ד ש אָ ו, וואָס האָבנ זיכ פארטראכט איבער אָט דער גרויסער געשעעניש אונ וואָס, ניט פארשטייענדיק זי אינ דער פולער מאָס, ניט רעכענענדיק, אז דאָס האָט זיכ אָנגעהויבנ א נייע עפּאָכע פונ דער מענטשהייט, האָבנ זיי דאָכ פארנייגט דעמ קאָפּ פאר דער רעוואָליוציע פונ די פּראָלעטארישע אונ פויערשע מאסנ פונעמ ססר, — מיטנ אויסנאמ פונ זיי האָט זיכ די גאנצע בורזשואזע ליטעראטור ארויסגעוויזנ אלס ליטעראטור פונ פאמפלעט, אלס ליטעראטור פונ רעכילעס אפ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

הער א ו ע ל ס איז געווענ א קעגנער פונ אינטערווענציע. מיר זיינענ אימ דערפאר געווענ דאנקבאר, דאָס וועט אריינגיינ ווי א גוט בלעטל אינ דער געשיכטע פונ זיינ לעבנ. אָבער טראכט זיכ איצט ארייננ אינ זיינ בוכ „רוסלאנד אינ פינצטערניש“, א בוכ פונ 1920 יאָר, וואָס האָט אועלס געזענ בא אונדז? ער האָט דערזענ, ווי ער שרייבט, די צעשטערונג פונ די רעשטלעכ ציוויליזאציע. אועלס בוקט זיכ פארנ אידעאליזמ פונ די באָלשעוויקעס, אָבער זייערע שטרעבונגענ האלט ער פאר אנ אוטאָפּיע.

א גאנצע ריי בורזשואזע שרייבער האָבנ נאָכ דעמ ווי זיי זיינענ געווענ בא אונדז אינ לאנד ביייסנ בירגערקריג, פונדעסטוועגנ באוויזנ צו געבנ א בילד פונ אונדזער העלדישער מילכאָמע. עס איז גענוג אָנצוווייזנ אפ די ביכער פונ ר א נ ס אָ מ, פ ר י ס. אָבער קיינ איינער פונ זיי האָט דאָכ ניט געקענט פארשטיינ, אז עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א נייע עפּאָכע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער מענטשהייט, אונ אז אָקטיאבער האָט געעפנט א ניי בלעטל פונ דער געשיכטע.

עס איז געקומענ דער נעפ, אונ אינעמ נעפ האָבנ די דאָזיקע שרייבער געזענ א באשטעטיקונג פונ זייער גערעכטיקייט, די באָלשעוויקעס דערקייקלענ זיכ צומ קאפּיטאליזמ, נאָר אלס פלינקע מענטשנ רופנ זיי

אָנ די אַלטע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פונעמ קאַפּיטאַליזמ נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, קעדײַ עס זאָל זײַנ גרינגער דעמ דאָזיקנ פּיל אַראָפּצושלינגענ. אָט אַזוי האָט אינ אַלגעמײנ אָפּגעשאַצט די בורזשואַזע ליטעראַטור דעמ נעפּ.

בלויז די סאַמע ראָמאַנטישע טיפּנ צווישנ די דאָזיקע בורזשואַזע שרײַבער האָבנ זיכ אַפ אונדז באַלײדיקט.

אונ עס זײַנענ געקומענ די יאָרנ פונעמ פינפיאָר אונ די יאָרנ פונעמ גרויסנ קריזיס פונ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ. די בורזשואַזע ליטעראַטור האָט זיכ ווידעראַמאָל געשטעלט פאַר אַ דערשײַנונג, וואָס זי האָט ניט פאַרשטאַנענ, אָבער דאָס מאָל פאַר אַ דערשײַנונג, וואָס איז פאָרגעקומענ ניט בײַ אונדז, נאָר בײַ זײ.

אונ מע דאַרפ זאָגנ, אַז דער וועלט־קריזיס אונ די גרויסע אויפטוונגענ פונ דעמ פינפיאָר האָבנ געהאַט אַפ דער וועלט־ליטעראַטור אַ שטאַרקערע ווירקונג, ווי די גאַנצע פאָריקע אַנטוויקלונג, ווי די מילכאָמע, ווי די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

## דער קריזיס פונעמ קאַפּיטאַליזמ אונ די שפּאַלטונג פונ דער וועלט־ליטעראַטור

עס איז ניטאָ קײנ אײנ לאַנד, וווּ די גרעסטע שרײַבער זאָלנ ניט אָנערקענענ דעמ פאַר זײ אומגעהערטנ פאַקט — דעמ טיפסטנ קריזיס פונעמ קאַפּיטאַליזמ אונ דעמ קאָלאָסאַלנ וווּקס פונעמ סאָציאַליזמ. אונ דאָס ברענגט די אמערסטנ מוטיקע פונ די דאָזיקע שרײַבער צו פאַרטראַכטנ זיכ אונ אַ קער צו טאָנ זיכ צו אונדז.

אויב שוינ פריער האָט די וועלט־בורזשואַזיע פאַרלאָרנ די מאָנאָפּאָל אינ דער וועלט־ליטעראַטור, ווײַל אינ אַלע לענדער האָט אָנגעהויבנ אויפקומענ אַ פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, איז איצט קומט פאָר אַ שפּאַלטונג אינ די אינגעווײַטנ פונ דער וועלט־ליטעראַטור פונ דער בורזשואַזיע.

דרײַזער, אַ מענטש, וואָס האָט באַקומענ אַ גרויסנ נאָמענ אינ דער אַמעריקאַנישער ליטעראַטור נאָכ פאַר דער מילכאָמע, אונ וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געזאָגט, אַז זײַנ גאַנצ לעבנ גיט אימ ניט קײנ שומ דערקלערונג דערפונ, וואָס עס קומט פאָר אינ דער וועלט, אַז ער האָט זיכ אינגאַנצנ פאַרלאָרנ, אונ איצט טרעט ער מוטיק אַרויס

ניט בלויז פארנ ראטנפארבאנד, נאָר ער רופט אמעריקע נאָכצופאָלגנ דעמ בײַשפּיל פונ ראטנפארבאנד.

ראָמענ ראָלאנ — דער גרעסטער שרײַבער פונ פראנקרײַכ, א מענטש, וואָס אינ זײַנ שטימ האָט קײנמאָל ניט געקלונגענ קײנ קופּער, וואָס רופט צו אנ אײַזערנעמ קאמפ, א מענטש, וואָס דער הומאניזמ האָט אימ אָפּגעטײלט פונ אונדז, שרײַבט זײַנ „געזעגענונג מיט דער פארגאנגענהײַט" אונ דערקלערט, אז פססר האָט געוויזנ די וועגנ דער אינטערנאציאָנאלער מענטשהײַט, אונ ער רופט די דאָזיקע מענטשהײַט אפנ וועג וואָס איבער אימ גײט דער ראטנפארבאנד.

נאָר דרײַזער איז א רעאליסט, וואָס האָט שוינ אינ זײַנע פריִקע ווערק דעמאסקירט דעמ קאפּיטאליזמ, כאָטש ער האָט דערפונ ניט געמאכט קײנ פולע אויספירנ, אונ ראָמענ ראָלאנ, אויב ער איז קײנמאָל ניט געווענ קײנ קעמפער, איז ער אָבער שטענדיק געווענ א גרויסער פרײַנט פונ דער מענטשהײַט. דאָ דוכט זיכ איז די עוואָלוציע נאָכ פארשטענדלעכ. אָבער אָט איז אנדרע זשיד — א שרײַבער, וואָס האָט זיכ פארשפּארט אינ א טורעמ פונ העלפאנטבײנ, וואָס האָט זיכ אָפּגעריסנ פונעמ לעבנ, — איז ארויסגעטראָטנ מיט א דערקלערונג, אז די אנטוויקלונג פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער אונ די אנטוויקלונג פונ פססר האָבנ אימ איבערצײַגט אינ דער אומפארמײַדלעכקײַט אונ געווונשנקײַט פונעמ אונטערגאנג פונעמ קאפּיטאליזמ אונ אינ דער פליכט מיט אלע קרעפטנ צו שטיצנ דעמ סאָציאליזמ אונ דעמ ראטנפארבאנד.

פאר אונדזערע אויגנ קומט פאר די שפּאלטונג אינ דער ליטעראטור פונ דער בורזשואזיע. אזא שפּאלטונג, פארשטײט זיכ, קומט קײנמאָל ניט פאָר גלאטיק.

אונ ס'איז זײער וויכטיק, מיר זאָלנ פארשטײנ — וואָס־זשע שטערט פיל שרײַבער, אופריכטיקע שרײַבער, אריבערצוגײנ דעמ רוביקאָנ, זיכ שטעלנ אפ אונדזער זײַט פונ די באריקאדעס, וואָס רופט ארויס די דאָזיקע פײַנלעכע פראָצעסנ?

ס'זײַנענ פאראנ אזעלכע סיבעס. אײנע פונ זײ קאָנענ זיכ ניט באשליסנ צומ קאמפ. רײדנדיק אינ זײַנ ארטיקל וועגנ אנדרע זשיד, וועגנ די דאָזיקע אָפּהאלטנדיקע מאָמענטנ, שרײַבט דער פראנצויזישער קריטיקער פערנאנדעס:

„מיר, שרײַבער, זײַנען ניט געווען קיין קעמפער, מיר פלעגן באַשרײַבן דאָס לעבן, און אונדז איז שווער צו פאַרנעמען די פּאָזיציע, וואָס פאַרפליכט צו באַטייליקן זיך אינעם קאַמף“.

די דאָזיקע שרײַבער האָט שוין די געשיכטע געענטפערט דעם 10־טן מײַ 1933 י., ווען די דײַטשישע פאַשיסטן האָבן אף די פּלעצער פון בערלין געברענט ניט בלויז גאָרקיס ביכער, ניט בלויז סטאַלינס, ניט בלויז די ביכער פון די פּראָלעטאַרישע דײַטשישע שרײַבער, ווי רענ אאַ., נאָר אויך די ביכער פון אַלע הומאַניטאַרע שרײַבער, מעלדנדיק: „ווער עס איז ניט מיט אונדז — דער איז קעגן אונדז“. דעם 10־טן מײַ 1933 יאָר האָבן די פאַשיסטן געזאָגט צו אַלע שרײַבער פון דער וועלט: עס איז ניטאָ קיין נייטראַליטעט אינעם קאַמף, וואָס קומט פאָר אף דער היסטאָרישער אַרענע.

דער צווייטער אַרגומענט, וואָס די דאָזיקע שרײַבער רוקן אַרויס, איז דער אַרגומענט, וואָס פאַרדינט די סאַמע אופמערקזאַמע אָפּשאַצונג, די סאַמע גינסטיקע באַטראַכטונג, ווײַל דאָס איז דער צענטראַלער אַרגומענט. זיי בוקן זיך פאַרן ראַטנפאַרבאַנד. זיי זאָגן: „יאָ, בײַ אײַך קומען פאָר גאָר גרויסע זאַכן, בײַ אײַך געפינען גאַנצע פעלקער צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע אַ שפּראַך און ווערטער. בײַ אײַך הייבט זיך אוף דער נעכטיקער שקלאַף, בײַ אײַך הייבט זיך אוף די פרוי. מיר ווייסן ניט ווי אָנצורופן דעם דאָזיקן פּראָצעס, אָבער דאָס איז אַ פאַקט: בײַ אײַך איז פאַראַן אַ רעוואָלוציאָנערע קראַפט, אָבער בײַ אונדז אין מײַרעוו ווייסן מיר ניט פון דער דאָזיקער קראַפט“.

## צווישן דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און דעם פאַשיזם

דער דאָזיקער לעצטער באַריער אפן וועג פון די שרײַבער, וואָס גייען פוגעם אַנדערן ברעג צו אונדז, האָט געפונען דעם בוילעטסטן אויסדרוק אין צוויי דראַמען פון בערנאַרד שאָו.

אין דער דראַמע מיטן נאָמען „צו ריכטיק, כדי עס זאָל זײַן גוט“ פירט ער אַרויס אַן אַלטן ענגלענדער, אַן אַטעיסט, וואָס כאַראַקטעריזירט אף אַזאַ אופן דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט:

„די וועלט ווערט כאָרעוו, די וועלט פון אײַזעק ניוטאָן, וואָס איז

געשטאַנענ ווי אַנ אײַזערנע פעסטונג פונ אונדזער קולטור 300 יאָר,
ווערט באַרעוו, ווי די ווענט פונ יעריכע, פאַר אײנשטײנס קריטיק. אַלצ
איז געווענ אינ אָרדענונג, די שטערנ אינ זײערע אָרביטעס זײַנענ גע־
יוענ אונטערגעוואָרפנ די זעלבע אײַזנפעסטע געזעצנ, אַזױװי דער
אַטאָמ אינ זײַנ יאָדער, אי דאָ, אי דאָרט איז די באַוועגונג פונ עלעק־
טראָנענ, וואָס וואַרפנ זיכ אונטער דעמ אוניווערסאַלנ פּלאַנ פונעמ
וועלטבוי. אַלצ איז געווענ דיסקאָנטירט, אויסגערעכנט, פאָרויס באַ־
שטימט, אַלצ איז פאָרגעקומענ דערפאַר, ווײַל עס האָט געדאַרפט פאָר־
קומענ, אונ עס איז קײנ אָרט ניט געווענ אינעמ וועלטבוי פאַר דאָס
אומבאַוווּסטע, אומגעריכטע, אומפאָרשטעלעכע. דערינ איז באַשטאַ־
נענ מײַנ גלויבנ. אונ וואָסזשע איז פאַרבליבנ פונ אימ אַצינד?
דרויבנ, שמאַטעס. די נײַע אַנטדעקונגענ אינ דער וויסנשאַפט האָבנ אויפ־
געריסנ דעמ דאָזיקנ גלויבנ, עס זײַנענ פאַרלאָרנ געגאַנגענ די געזעצנ,
אינ זײער אָרט איז ווילקיר, קאַפּריז, צופאַל, אונ עס באַוועגנ זיכ די
עלעקטראָנענ איבער די אָרביטעס, וואָס וואַרפנ זיכ אונטער עפּעס אַ
ניט דיסקאָנטירטנ, אַ קאַפּריזנ ווילנ. די וועלט איז געוואָרנ אומפאַר־
שטענדלעכ, אונ איכ האָב פאַרבלאָנדזשעט, זיכ פאַרפּלאָנטערט אינ
איר. פריער, ווענ איכ פלעג זיכ קריגנ מיטנ ווײַב, אָדער ווענ מיכ
פלעגנ פאַרטאָפּנ געשעפטלעכע אומאָנגענעמלעכקײטנ, פלעג איכ נעפּי־
נענ אָפּרו אונ טרײסט אינ די מוזײענ פונ דער נאַטור־געשיכטע, ווו איכ
פלעג זיכ קוויקנ, דערלערנענדיק די טעאָריע פונ נאַטירלעכנ אָפּקלײַב,
אונ איצט, וואָס איז פאַרבליבנ פונ איר? דרויבנ, אָפּגעריסענע
שטיקלעכ. אונ איכ לויפ, לויפ פונ די מוזײענ אונ שרײַ אונ רופ
אויס: ווו איז דער וועג צו דער רעטונג? ווײַל פאַר מיר
ניט פאַרשטײנ — באַדײַט אומקומענ: ווער־זשע וועט מיכ ראַטעווענ
פונעמ שנעלנ פאַלנ אינעמ אָפּגרונט?"

אינ די דאָזיקע ווערטער שטעקט די פאַרצווייפלונג פונ אַנ אינטע־
ליגענט, וואָס איז אויסגעוואַקסנ אונטערנ איינפלוס פונ דאַרוויניזמ, פונ
פּאָזיטיוויזמ, אינ דער וויקטאָריאַנישער עפּאָכע, אינעמ פעריאָד פונעמ
אופשטײַג פונעמ קאַפּיטאַליזמ, ווענ אַלצ האָט אויסגעזענ צו זײַנ אײ־
ביק, ווי אײביק עס איז די באַוועגונג פונ די שטערנ. דער דאָזיקער
מענטש שטײט פאַרנ גרעסטנ, מאַטעריעלנ, פּאָליטישנ,
אידעאָלאָגישנ קריזיס פונעמ קאַפּיטאַליזמ, —
אַלע דאָגמאַטנ זײַנענ צעפאַלנ געוואָרנ, ער פאַרשטײט גאָרנישט אונ
אַלס קאָפּמענטש זאָגט ער: ניט צו פאַרשטײנ — דאָס באַ־

ט ײַ ט פֿ אַ ר מ י ר, אַ ד ע נ ק ע נ ד י ק ן מ ע נ ט ש ע ן, א ו מ צ ו ק ע ר־מען, און ער פֿילט, אַז ער פֿליט אין אָפּגרונט.

אין דער צווייטער דראַמע, וואָס איז געקומען נאָך אָט דער, טראָגט שאָו אַריבער די דאָזיקע פֿראַגן פֿונעם וועלט אָנשווערישן געביט אויפֿן געביט פֿון דער פּאָליטיק. ער גיט אַ גלענצנדיק פֿאַרניכטנדיק בילד פֿון דער דעמערונג פֿון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דער פּרעמיער־מיניסטער שאַווענדער איז קראַנק פֿון אײַנגעמאַטערטקייט, פֿון אַרבעט. אָבער דער דאָקטער זאָגט אים: ניין, איר זײַט קראַנק דערפֿון, וואָס איר דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג, ווי אַ וועווערקע אין אַ ראָד, און איר טראַכט, אַז איר טוט עפּעס, אָבער אײַער מוח טשעפּעט זיך ניט אָן פֿאַר קיין שום באַשלוס. איר זײַט קראַנק פֿון דער פּוסטקייט פֿון אונדזער קאַפּיטאַליסטישער, דעמאָקראַטישער אָרדענונג.

שאַווענדער פֿירט אונטערהאַנדלונגען מיטן אַלטן פֿירער פֿון די טרעדיוניאָנען היפּני. דער דאָזיקער אַלטער אַרבעטער־טוער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אינעם פֿראַאיד פֿון דער דעמאָקראַטיע, וועלכער האָט אַמאָל טיף געגלייבט אין דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע, דער דאָזיקער אַלטער היפּני ווײַזט זיך שוין אַרויס אַף אַ העלפֿט אַ פּעסימיסט.

היפּני זאָגט:

„דער אַלטער דאָקטער מאַרקס (איצט רופֿט מען אים קאַרל מאַרקס, מײַן פֿאָטער האָט אים זייער גוט געקענט) האָט געגלייבט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס פֿון אייראָפּע וועט זיך פֿאַראייניקן און וועט באַ־רעוו מאַכן די קאַפּיטאַליסטישע וועלט נאָך דעם, ווי מאַרקס וועט אים דערקלערן די נייטיקייט דערפֿון. אין 50 יאָר אַרום נאָך דעם, ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן דער רויטער אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיך אויפֿגעהויבן די אַרבעטער פֿון אייראָפּע, האָבן געשאָסן איינער דעם אַנדערן, אויפֿגעריסן איינער דעם אַנדער אינדערלופֿטן, האָבן גע־צוווּנגען 20 מיליאָן קליינינקע קינדער זייערע צו פֿרירן און הונגערן אָדער גאַנוועגנען און בעטלען, אַזוי ווי דער דאָקטער מאַרקס וואָלט קיינ־מאָל ניט געלעבט, און מאָרגן וואָלטן זיי געטאָן דאָס זעלבע, אויב מע זאָל זיי דערויף שטויסן. זיי ווילן דאָך גאָרניט — בלויז אַ ביסל אַרבעט, עסן און אַ גוט לעבן, אַזאַ, ווי זיי שטעלן עס זיך פֿאָר".

דער אַלטער טרעדיוניאָניסט היפּני האַלט, אַז מאַרקס האָט אומ־זיסט געלעבט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס וויל ניט קעמפֿן, אַז אויב די קורעפּטן פֿון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט וועלן וועלן, וועלן זיי אים קאָנען טרײַבן וווּהין זיי ווילן.

דערפון מאכט היפּניי דעם אויספיר, ער זאָגט:

„בעסער א דיקטאטער, וואָס איז פאראנטוואָרטלעכ פאר דער גאנ־צער וועלט פארנ גוטס אונ שלעכטס, וואָס ער איז באגאנגענ, אײדער א קלײנינקער שמוציקער דיקטאטער אפ יעדער גאס, וואָס איז פאר קײנעמ ניט פאראנטוואָרטלעכ, וואָס וועט אײַכ ארויסטרײַבנ פונ אײַ־ער הויז, אויב מע וועט אימ ניט באצאָלנ פארנ רעכט צו לעבנ אפ זײַנ ערד, וואָס וועט אײַכ ארויסוואַרפנ פונ דער ארבעט, אויב איר וועט ארויסטרעטנ קעגנ אימ, ווי א גלײַכער מענטש. איר וועט מיכ ניט דערשרעקנ מיטנ וואָרט „דיקטאטער". איכ אונ מיליאָנענ באוויי־ריме האָבנ דאָס גאנצע לעבנ איבערגעטראָגנ די דיקטאטור פונ באוויי־רים, וועלכע האָבנ געהאט בלויז אײנ מײַלע, וואָס זיי פלעגנ זײער גוט שפּירנ געלט".

וואָס איז דאָס גרונטיקע אינ די דאָזיקע אָנשוויונגענ? די דאָזיקע אָנשוויונגענ שטיצנ זיכ אפ געוויסע פאקטנ — אפ דעמ, אז די סאָ־ציאַל־דעמאָקראטיע, דער צווייטער אינטערנאציאָנאל האָבנ געהאָלפנ דער בורזשואזיע טרײַבנ די ארבעטער אפ דער וועלט־מילכאָמע, ווי א סטאדע בעהײמעס, בינדנדיק זיי פונ פריער די הענט אונ די פיס. די דאָזיקע מײנונג שטיצט זיכ אפ דעמ, אז אינ פארלויפ פונ די 20 יאָר, וואָס טײלנ אונדז אָפּ פונ דער מילכאָמע, האָט דער אײראָפּײִשער אר־בעטער־קלאס אינ די סאמע אלטע, אנטוויקלטע קאפּיטאליסטישע לענ־דער נאָכ ניט באוויזנ אראָפּצוואַרפנ דעמ יאָכ פונ קאפּיטאליזמ.

דער שרײַבער, וואָס זעט די צעפאלונג פונעמ קאפּיטאליזמ, וואָס זעט די צעפאלונג פונ דער דעמאָקראטיע, זעט נאָכ ניט אינ מײַרעוו די רעוואָלוציאָנערע קראפט, וואָס איז אימשטאנד ברענגענ צו א זיג אינ אײראָפּע. אויב ער וועט ניט ווערנ זעעוודיקער אונ וועט ניט דערזענ די דאָזיקע קראפט, וועט ער אינ פארצווייפלונג אָדער אוועקגײנ אינ ניט־זײַנ, אָדער ער וועט זוכנ שאר־לאטאנישע מיטלענ אפ בײַקומענ דעמ קריזיס פונעמ קאפּיטאליזמ. די דאָזיקע מיטלענ רוקנ אימ אונטער די פאשיסטנ, וועלכע שטעלנ פאָר דעמ פאשיזמ ווי א „יונגע" באוועגונג, וואָס מאכט א סאָפּ צו דער דעמאָקראטיע, צו דער צעפאלונג פונעמ קאפּיטאליזמ אונ באשאפט עפּעס א מינ נײַע אָרדענונג.

אונדזער פרײַנט ריטשארד בלאָק האָט אינ אײנעמ אנ ארטיקל זײער ריכטיק געזאָגט:

„אינ די דעמאָקראטישע לענדער איז דער וועג פארנ פאשיזמ גע־

עפנט דורכנ „געזעצ וועגנ דער פולקײַט פונ דער מאַכט". דורכפירנ די
דאָזיקע געזעצנ דערשלאָגנ זיכ בעסער פאַר אַלע די לינקע רעגירונגענ,
וועלכע האָבנ זיי נייטיק. ווענ אָבער די געוויינלעכע באַוועגונג פונ דער
הוידלקע פונ דער פּאַרלאַמענטישער פּאָליטיק ברענגט צו דער מאַכט
די פּאַרטיי פונ דער סאָציאַלער רעאַקציע, זײַנענ די דאָזיקע געזעצנ
גרייט, קעדיי די דאָזיקע פּאַרטיי זאָל זיי קאָנענ אויסנוצנ".

מיר, סאָוועטישע שרײַבער, דאַרפנ זאָגנ צו אונדזערע וואַקלענדיקע
פרײַנט פונ אויסלאַנד: די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז געווענ די
ערשטע רעוואָלוציע אינ דער וועלט, די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע
אינ רוסלאַנד האָט געזיגט פריער ניט דערפאַר, ווײַל דער סאָציאַליזמ
איז די פאָרמ, וואָס איז לעבנהאַפטיק און געזעלשאַפטלעכ מעגלעכ
בלויז אינ ססר, נאָר דערפאַר, ווײַל אַדאַנק די אייגנטימלעכקייטנ
פונ דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז אינ רוסלאַנד פריער געשאַפנ
געוואָרנ די אײַזערנע פּאַרטיי לענינס, וואָס האָט באַוויזנ צוגרייטנ
די קאַדרענ פונ דער רעוואָלוציע און האָט באַוויזנ צו מאַכנ דעמ
פּראָלעטאַריאַט פאַרנ אָנפירער פונ די פויערישע מאַסנ און פונ דער
שטאָטישער אָרעמשאַפט. אָבער די קוואַלנ פונ דער אָקטיאַבער־רע־
וואָלוציע זײַנענ אַלגעמיינע: דאָס איז די פאַרפוילונג פונעמ מאָנאָ־
פּאָליסטישנ קאַפּיטאַליזמ, זײַנע ווידערשפּרוכנ, וואָס האָבנ אַרויסגע־
רופנ די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און וואָס וועלנ ברענגענ דעמ פּראָ־
לעטאַריאַט צומ אַלוועלטלעכנ זיג.

און ווער עס האָט ניט פאַרשטאַנענ דאָס אינטערנאַציאָנאַלע פּאָנעמ
פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווער עס האָט ניט פאַרשטאַנענ, אַז
מיר זײַנענ ניט דער סאָפ, נאָר דער אָנהייב פונ דער וועלט־רעוואָלו־
ציע, ווער עס האָט ניט פאַרשטאַנענ, אַז די קאָמוניסטישע באַווע־
גונג איז מײַרעוו, ווי שוואַכ זי זאָל נאָכ ניט זײַנ אינ אייניקע לענדער,
איז דער אָנהייב פונ דער זעלבער רעוואָלוציע, וואָס האָט געזיגט אינ
אָקטיאַבער 1917 יאָר; ווער עס וועט דאָס ניט פאַרשטיינ, דער וועט
ווערנ ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק אַ קאָרבנ פונעמ פאַשיזמ. ווײַל
ווער עס האָט ניט פאַרשטאַנענ, אַז אינ זײַנ לאַנד
זײַנענ פאַראַנ די קרעפטנ, וואָס זײַנענ פעיִק צו
נעמענ די מאַכט, צו מאַכנ אַ סאָפ צומ קאַפּיטאַ־
ליסטישנ כורבנ, בײַצוקומענ אַלע מאַקעס בײַ־
געמ קאַפּיטאַליזמ, — ווער עס וועט דאָס ניט
פאַרשטיינ און ווער עס וועט ניט העלפנ די דאָזי־

קע קרעפטנ אינעמ קאמפ פארנ סאָציאַליזמ, יענער וועט סאָפּקאָלסאָפּ שטײנ אפ יענער זײַט פונ דער באריקאדע.

מיר, סאָוועטישע מענטשנ, דארפנ זאָגנ צו אונדזערע פרײַנט, צו די רעוואָליוציאָנערע שרײַבער פונ מײַרעוו, אז יעטווידעס הײס וואָרט אונ שטיצע דעמ ראטנ־פארבאנד, יעטווידער שטיצע, וואָס זײ גיבנ אונדז, שעצנ מיר טיפ. אָבער מיר דארפנ זאָגנ צו די דאָזיקע שרײַבער מיט קארל ליבקנעכטס ווערטער: „דער פײַנט שטײט אינעמ אײגענעמ לאנד. (אפלאָדיסמענטנ). איר אײגענעמ לאנד געפינענ זיכ, אנטוויקלענ זיכ אונ לעבנ די קרעפטנ, וואָס וועלנ צעשמעטערנ דעמ דאָזיקנ פײַנט". דער שרײַבער, וועלכער וויל העלפנ דעמ סאָציאַליזמ, וואָס בויט זיכ בײַ אונדז, דער שרײַבער, וואָס וויל קעמפנ קעגנ דעמ פאשיזמ, דער שרײַבער, וואָס וויל קעמפנ קעגנ דער מילכאָמע־געפאר, דארפ געפינענ דעמ וועג צו די דאָזיקע קרעפטנ, דעמ וועג צומ פראָלעטאריאט, וואָס פאר א מינדערהײַט אינ זײַנ לאנד עס זאָל נאָכ דערווײַל ניט זײַנ דער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטאריאט, די זיג־רײַכע סאָוועטישע באָלשעוויקעס האָבנ אויכ אָנגעהויבנ פונ א מינדערהײַט אינעמ ארבעטער־קלאס...

## דער פאשיזמ אונ די ליטעראטור

מיר — דער צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטישע שרײַבער — שטרעקנ אויס א ברידערלעכע האנט צו אלע שרײַבער, וואָס געפינענ זיכ אפנ וועג צו אונדז, ווי ווײַט זײ זאָלנ נאָכ פונ אונדז ניט זײַנ. אויב נאָר מיר זעענ בײַ זײ א ווילנ אונ א ווונטש צו העלפנ דעמ ארבעטער־קלאס אינ זײַנ קאמפ, צו העלפנ דעמ ראטנפארבאנד. מיר זאָגנ צו זײ: די בעסטע הילפ, וואָס איר קאָנט אונדז געבנ, וועט זײַנ, אויב איר וועט זיכ שטעלנ אקסל צו אקסל מיטנ ארבעטער־קלאס פונ אײַער לאנד, מיט זײַנ רעוואָליוציאָנערער מינדערהײַט צומ קאמפ קעגנ די אלע געפארנ, וואָס האָבנ פארטריבנ פונ אײַערע אויגנ דעמ שלאָפ, וואָס האָבנ אָפּגענומענ בײַ אײַכ די עסטעטנ־רויקײַט. די שרײַבער, וואָס וועלנ דאָס ניט פארשטײנ, וועלנ אומ־פארמײַדלעכ ארײַנפאלנ אינעמ לאגער פונעמ פאשיזמ, אונ דעריבער

איז גוואַלדיק וויכטיק פאַר אונדז צוזאַמען מיט זיי דורכצוטראַכטן — וואָס אַזוינס איז דער פאַשיזם פאַר דער ליטעראַטור.

די שרײַבער דאַרפן פרעגן בא זיך און ענטפערן אפ דער פראַגע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער פאַשיזם פאַר דער קולטור, פאַר דער ליטעראַטור.

די פאַשיסטן זאָגן: עס איז ניטאָ קיין ליטעראַטור, וואָס שטייט אויסערן קאַמף, אָדער גייט מיט אונדז, אָדער גייט קעגן אונדז. אויב איר גייט מיט אונדז, איז שאַפט פונעם שטאַנדפונקט פון אונדזער וועלט-אָנשויונג, אָבער אויב איר גייט ניט מיט אונדז, איז אײַער אָרט אין קאָנצלאַגער. דאָס האָט הונדערטער מאָל געזאָגט געבעלס, דאָס האָט הונדערטער מאָל פראָקלאַמירט ראָזענבערג.

פאַראַן זייער א טאַלאַנטפולער דײַטשישער שרײַבער האַנס פאַלאַדא, וואָס זײַן בוך „קליינ מענטשעלע, וואָס־זשע ווײַטער?“ איז באַוווּסט בא אונדז אין לאַנד. האַנס פאַלאַדא באַשרײַבט גלענצנדיק די ליידן פון די מאַסן אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, ער באַווײַזט, וויאַזוי זיי ווערן באַשווינדלט פון די פאָרשטייער פונעם קאַפיטאַליזם, פון די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. ער האָט אַרויסגעפירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די פאַשיסטן, אָבער פאַר פיל איז געווען שווער פעסטצושטעלן: צי איז ער פאַר די פאַשיסטן, אָדער קעגן די פאַשיסטן.

האַנס פאַלאַדא האָט איצט אָנגעשריבן א נײַעם ראָמאַן: „ווער עס האָט איינמאָל א זופ געגעסן פון דער בלעכענער שיסל“. דער העלד פון דעם דאָזיקן ראָמאַן איז א געשטרויכלטער קליינבירגער, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין טורמע און איז אָפגעזעסן אין טורמע 5 יאָר. ער פרוווט זיך שטעלן אפ די פיס, לעבן, ווי אַן ערלעכער בירגער, אָבער די ביוראָקראַטיש-בורזשואַזע מאַשין פונעם קאַפיטאַליזם האָט אים צוריק אַרײַנגעצויגן אין טורמע. און ווען דער דאָזיקער העלד איז ענדלעך ווידער אַרײַנגעפאַלן אין טורמע, האָט ער זיך דערפילט אַזוי, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט צו זײַן לײַבלעכער מוטער. איצט האָט ער פאַר זיך 15 יאָר טורמע, אָבער אים וועט שוין מער ניט אויסקומען צו שלאָגן זיך...

דאָס איז א טיפ טאַלאַנטפולער, אָבער האָפענונגלאָזער בוך. ער איז דערשינען אינעם מאָמענט, ווען עס איז שוין געקומען צו דער מאַכט היטלער. האַנס פאַלאַדא שרײַבט אינעם פאָרוואָרט, אַז דאָס בילד, וואָס ער האָט אויסגעמאָלט, געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט

אַז די פאַשיסטנ וועלנ שאַפנ נײַע באַדינגונגענ. האַנס פאַלאַדאַ האָט באַשלאָסנ צו ראַטעווענ אַזױ־אַרומ דעמ בוכ און זיכ, מאַכנדיק דעמ אָנשטעל, אַז ער רעדט פונ דער פאַרגאַנגענהײַט.

אָבער וואָס האָבנ אפ דעמ געענטפערט די פאַשיסטנ? די בערלי־נער „ב ע ר ז ע נ צ ײַ ט ו נ ג“ האָט אָפּגעדרוקט אַ דונערדיקנ אַרטיקל מיט אַזאַ אינהאַלט:

„מיר ווײסנ, אַז האַנס פאַלאַדאַ האָט אָנגעשריבנ דעמ דאָזיקנ בוכ ניט קעגנ אונדז. זאָל ער נאָר פרוונ! אָבער פאַר וועמענ האָט ער אָנ־געשריבנ דעמ דאָזיקנ בוכ? ער האָט אָנגעשריבנ פאַר שלימאַזלס, פאַר די, וואָס די געשיכטע האָט זײ צעמאָלנ. ער וועקט ראַכמאָנעס צו די, וואָס מע דאַרפ אַרויספירנ פונעמ לעבנ, קעדײ צו מאַכנ אָרט פאַר די שטורמאָוויקעס מיט מוסקולנ און מיט אַ נאַגאַנ אינ די הענט“.

דער פאַשיזמ, וואָס פאַראַכט די אינטערעסנ פונעמ קלײנבירגער־טומ, ווײסט, אַז ווענ די מענטשנ וועלנ לײענענ דעמ דאָזיקנ בוכ, וואָס באַווײַזט, ווי אַזוי דער קאַפּיטאַליזמ פלעגט בײַ דער דעמאָקראַטיע צע־מאָלנ דאָס קלײנבירגערטומ, וועלנ זײ זאָגנ: „בײַ די פאַשיסטנ איז ניט בעסער, נאָר ערגער“, און די פאַשיסטנ פאָדערנ פונעמ שרײַ־בער: „דו שילדער אונדז אַזאַ בילד, וואָס זאָל באַווײַזנ, ווי אַזוי בײַמ פאַשיזמ גײענ אַלע מענטשנ פאָרויס, זײ וואַקסנ און זײַנענ גליקלעכ. דו וואַג ניט צו וועקנ ראַכמאָנעס צו די, וואָס דער קאַפּיטאַליזמ צע־מאָלט זײ“.

בײַ אונדז זײַנענ אויכ פאַראַנ שוואַכע ביכער. אונדזער יונגע פראָ־לעטאַרישע ליטעראַטור האָט ניט מיטאַמאָל געקאָנט געבנ אַזוינע בי־כער, ווי שאָלאָכאָווס אָדער פאַנפיאָראָווס ביכער. מיר האָבנ פיל פרי־מיטיווע ווערק, באַזונדערס אינ דער פאַרגאַנגענהײַט. אָבער עס איז ניט געווענ אַזאַ פעריאָד אינ אונדזער ליטעראַטור, ווענ עס זאָלנ זײַנ מעגלעכ אַזוינע שלעכטע ווערק, ווי עס שאַפט דער פאַשיזמ. איכ רײד ווענ דעמ קינסטלערישנ ווערט פונ די דאָזיקע ווערק. בײַ אונדז האָבנ געקאָנט זײַנ שוואַכע ווערק, אָבער זײ האָבנ דאָכ אינ גרונט געגעבנ דעמ עמעס פונעמ לעבנ.

אינ דער פ ו י ל י ש ע ר ליטעראַטור איז ניטאָ קײנ אײנ ווערק, וואָס זאָל געבנ פאַר די מאַסנ אַן איבערצײַגנדיק בילד פונעמ פאַ־שיסטישנ פוילנ. דער גרעסטער און ווירקלעכ טאַלאַנטפולסטער שרײַ־בער אינעמ לאַגער פונ די פילסודטשיקעס ק אַ ד ע נ ב אַ נ ד ר אָ ווס־ק י האָט זיכ געפרווט געבנ דעמ עפּאָס פונעמ הײַנטצײַטיקנ פוילנ.

בא אימ זײַנענ שוינ דערשינענ, דוכט זיכ, 5 אָדער 6 בענדער. די ערשטע 2 בענדער פונ זײַנ טרילאָגיע „ש װ א ר צ ע פ ל י ג ל ע נ" זײַ-נענ איבערגעזעצט אפ רוסיש.

וואָס גיט קאדענ באנדראָווסקי? ער באווײַזט א קוילנ-באסײנ, ער באווײַזט, אז די ארבעטער לעבנ האָרט, ווי בעהיימעס, ער באווײַזט די פּוילישע טעכנישע אינטעליגענצ צו דינסט דעמ אויסלענדישנ קאפּי-טאל, ער גיט א בילד פונ דער אומגעהערטער עקספּלואטאציע, ער שיל-דערט די שמוצ פונ די קאפּיטאליסטישע פּנײ, ער דעקט אופ די פּשאָרע-מאכערישע פּאָליטיק פונ דער פּארטײ פּפּ"ס. ער פּרווט זיכ באווײַזנ די קאָמוניסטנ, שילדערנדיק זײ אלס שויטים, אָבער האָב זײַנענ די דאָזיקע קאָמוניסטנ די אײנציקע ערלעכע מענטשנ אינעמ ראָ-מאנ, די אײנציקע מענטשנ, וואָס גלײבנ דערינ, פאר וואָס זײ קעמפנ. קײנ פּילסודטשיקעס פירט ער ניט ארויס אינ דעמ דאָזיקנ ראָמאנ.

נאָכדעמ האָט קאדענ באנדראָווסקי אָנגעשריבנ א צווײטע טרילאָ-גיע, ווו ער דעקט אופ די פּארקויפטקײט פונעמ פּוילישנ פּארלאמענט אונ דעמ פּאראט פונ דער סאָציאל-פּשאָרעמאכערישער פּארטײ. אינעמ ראָמאנ, וואָס איז דערפירט געוואָרנ ביזנ מאָמענט, ווענ די פּילסודט-שיקעס נעמענ די מאכט, זײַנענ ווידעראמאָל ניט באוויזנ געוואָרנ די פּילסודטשיקעס.

פארוואָס זײַנענ זײ דאָרט ניטאָ? דערפאר, ווײַל קאדענ באנדראָווס-קי איז א טאלאנטפולער אויטער אונ ער פארשטײט, אז אויב ער וועט באווײַזנ דעמ רעזשימ פונ די פּילסודטשיקעס, וועט מענ ניט זענ מיט וואָס אונטערשײדנ זיכ זײ פונ די, וועמענ ער האָט דע-מאסקירט.

דער טאלאנטפולער קינסטלער קאדענ באנדראָווסקי האָט אינ זײַנ ראָמאנ „ג ע נ ע ר א ל ב א ר ט ש" באוויזנ צו שאפנ א לעגענדע וועגנ פּילסודסקינ, ווײַל דאנ זײַנענ די לעגיאָנענ געווענ א קלײנע גרופּע העלדנ פונעמ קאמפ פאר פּוילנס אומאָפּהענגיקײט, וואָס זײַנענ געווענ ארומגערינגלט מיט אנ אָרעאָל.

דעמ רעזשימ פונעמ פאשיסטישנ פּוילנ קאָנ ער ניט באווײַזנ, אונ אויב ער וועט יאָ באווײַזנ, קאָנ מענ פאָרויס זאָגנ, אז בא אימ וועט גאָרנישט ניט ארויסקומענ.

לאָמיר נעמענ די א י ט א ל י ע נ י ש ע פאשיסטישע ליטעראטור. די דאָזיקע ליטעראטור האָט שוינ א צעניאָריקע געשיכטע. איכ וועל אײַכ ניט גײנ דערצײלנ נאָכאנאנד דעמ אינהאלט פונ די צענ ראָמא-

נען, וואָס מיר איז אויסגעקומען איבערצולייענען די לעצטע צײַט, און וואָס מע האלט זיי אין איטאליע פאר די בעסטע. קיינ איינעם פונ די דאָזיקע ראָמאַנען קענ מענ ניט האלטנ פאר א קינסטלערדיש ווערק.

איכ וועל אײַכ בלויז ציטירנ די אָפּשאַצונג פונ דער לאגע פונ דער פאשיסטישער ליטעראטור, וואָס עס גיבנ די פאשיסטישע ליטעראטור-קריטיקער. אינ „דזשאָרנאלע ד׳ איטאליא" שרײַבט ערנאָלע ריוואלטא:

„די ליטעראטור אונדזערע שילדערט די יוגנט, וואָס גיט זיכ איבער די מיִעסע אינסטינקטנ, וואָס האָט ניט קיינ שום גײַסטיקנ דורכלויכט, וואָס איז פארשקלאפט פונ כייִשנ באגער. אונ דאָס איז ניט קיינ ליטעראַרישע אויסטראכטעניש, נאָר די טיפע ווירקלעכקייט, וועלכע איז פארקערפערט אינ מענטשנ, וואָס געבוירענע אינעם ערשטנ יאָר-צענדליק פונעם יאָרהונדערט, ניט האָבנדיק דורכגעגאנגענ דורכנ גאנצנ גרויל פונ דער מילכאָמע, האָבנ זיי ניט אופגעטאָנ קיינ גרויסע זאכנ, ניט געקעמפט פאר דער פאשיסטישער איבערקערעניש אונ זײַנענ די פארקערפערונג פונ כאאָטישער באנאליקײַט. מע וואָלט געדארפט פארשטאָפנ דאָס מויל די דאָזיקע מענטשלעכ".

שטעלט איר זיכ דענ פאָר, אז מיר וואָלטנ געקענט זאָגנ וועגנ אונדזער קאָמיוג, אז אזוי ווי ער האָט זיכ ניט באטייליקט אינ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, ווײַל ער איז געבוירנ געוואָרנ שפעטער, טוט ער ניט קיינ גרויסע טאטנ אונ ער באשטייט פונ נישטיקער מענטשלעכ.

מיר ווייסנ, אז אונדזער קאָמיוג איז די שטאָלצ פונ אונדזער לאנד, אז אלע גרויסע בויונגענ זײַנענ — קאָמיוגישע בויונגענ. ווער עס איז געווענ אפ אונדזערע גרויסע בויונגענ, דער האָט געזענ, אז די קאָמיוגיסטנ ארבעטנ אומעטום — פונעם ארבעטער באם ווערקשטעל, ביזנ אינזשעניער. אונדזער קאָמיוג טוט אופ א גרויסע ארבעט (אפלאָדיסמענטנ). אָבער וועגנ דער פאשיסטישער יוגנט, וואָס איז אויסגעוואָקסנ נאָכ דעם, ווי די פאשיסטנ זײַנענ געקומענ צו דער מאכט, שרײַבט „דזשאָרנאלע ד׳ איטאליא" אז דאָס זײַנענ מענטשלעכ, וואָס האָבנ ניט אופגעטאָנ קיינ גרויסע זאכנ.

א צווייטער קריטיקער, דזשעראַרדאָ קאסיני, דערקלערט אינ „לאוואָראָ פאשיסטאָ", רײַכנדיק וועגנ דער ליטעראטור ביכלאל:

„וויאזוי קאָנ אינ דער העלדישער טריומפאלער ערע פונ דער רע-

וואָלוציע עקזיסטירנ א ליטעראטור, וואָס שטרעבט עקשאַנעסדיק אײַנ־צושליסנ זיכ אינ די סאמע באגרענעצטע ראמענ, אונ וואָס האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונ דער גרויסער באנײַונג? מע דארפ ארײַנבלאָזנ אינ דער ליטעראטור א שטראָמ נײַ לעבנ, צווינגענ זי באטייליקנ זיכ אינ דער בויונג פונ דער נײַער געשיכטע”.

ווײַזט זיכ ארויס, אז די איטאליענישע ליטעראטור באמ פאשיזמ באטייליקט זיכ ניט אינ דער בויונג דערפונ, וואָס זיי רופנ אָנ דאָס „נײַע לעבנ“. א דריטער קריטיקער, טאָלעזיאָ אינט׳על׳יאנדי, דער רעדאקטער פונ „טעווערע” זאָגט אזוי:

„מיר דארפנ האָבנ אזא שרײַבער, וואָס זאָל זענ אונדזער דאָרפ א פרײלעכס, אונדזערע פויערימ פרײלעכע, אונדזערע ארבעטער רויִקע, צוטרוילעכע, וועלכע האָבנ שאָלעמ געמאכט מיטנ היימלאנד, וואָס זאָל זענ, וויאזוי אונדזערע וועגנ גייענ זיכ פאנאנדער פונ רוימ, ציִענ זיכ איבער אלע עקנ וועלט, אונ זאָל הערנ מוסאָליניס מעטאל־שטימע, וואָס פילט אָנ די פלעצער.

דער פאשיסטישער קריטיקער שרײַבט: ניט אזא שרײַבער, וואָס זאָל קאָנענ באווײַזנ, אז אונדזערע פויערימ זײַנענ צופרידנ, אז די ארבעטער זײַנענ פריידיק אונ רויִק. ער אָנערקענט, אז אזא שרײַבער איז ניטאָ. מיט איינ וואָרט, ער שטעלט פעסט, אז נאָכ דעמ, ווי די פאשיסטנ זײַנענ געקומענ צו דער מאכט, איז קיינ ליטעראטור, — ניט אלס א פאבריק פונ ביכער, וואָס ווערנ פארקויפט צו עטלעכע לירעס א שטיק, נאָר א ליטעראטור א קינסטלערישע, וואָס שאפט גרויסע געשטאלטנ, — איז אינ איטאליע ניטאָ.

מיר דארפנ ענטפערנ אפ דער פראגע, — אונ דאָס איז די גרונט־פראגע פונעמ שטאנדפונקט פונ דער ליטעראטור, — פארוואָס שטארבט אָפּ די ליטעראטור באמ פאשיזמ?

פארוואָס? די סיבע דערפונ איז קלאָר ביז גאָר, — זי איז פאר־בונדנ מיט די סאמע וואָרצלענ פונ דער גאנצער אנטוויקלונג פונ דער קונסט אונ ליטעראטור.

מיר דארפנ זיכ פרעגנ אזוי: פארוואָס האָט עקזיסטירט שעקספיר אינ XVI יאָרהונדערט, אונ פארוואָס איז די בורזשואזיע איצט ניט אימשטאנד צו געבנ א שעקספיר? פארוואָס האָבנ עקזיסטירט גרויסע שרײַבער אינעמ XVIII יאָרהונדערט אונ אינ אָנהייב XIX? פאר־וואָס זײַנענ איצט ניטאָ אזוינע גרויסע שרײַבער, ווי געטע, שילער,

בײַראָנ, הײַנע און באַטשבי װיקטאָר הוגאָ? די ליטעראַטור אינעם פּעריאָד פונ דער בורזשואַזיע איז שטענדיק געװענ א בורזשואַזע ליטעראַטור, זי האָט שטענדיק געדינט די צילנ פונ דער בורזשואַזיע, אָבער דאַנ, װענ די בורזשואַזיע האָט געקעמפט קעגנ דעם פעאָדאַליזם, װענ זי האָט באַפרײַט די מויכעס, זאָל זײַנ אפילע אירע אײגענע, פונעם גאַנצנ לאַסט פונעם מיטלאַלטערלעכנ דענקענ, װענ זי האָט אנטשקלאַפט די פּראָדוציר־קרעפטנ, האָט זי געשאַפנ שרײַבער, װאָס פלעגנ באַשרײַבנ די דאָזיקע גרױסע שלאַכטנ.

עס איז גענוג איבערצולײענענ „קאָראָלאַנ" אָדער „ריטשאַרד III", קעדײ צו זענ, װאָס פאַר א קאָלאָסאַלע לײַדנשאַפט, װאָס פאַר אנ אָנגעשטרענגונג עס שילדערט דער קינסטלער. עס איז גענוג איבערצולײענענ „האַמלעט" קעדײ צו זענ, אז פאַרנ קינסטלער זײַנענ געשטאַנענ גרױסע פראַגנ: װוּהינ גײט די װעלט?

װענ דײַטשלאַנד איז אינ XVIII יאָרהונדערט אַרױס פונעם פּעריאָד פונ איר פולשטענדיקער אױסצערונג, װענ זי האָט באַ זיך געפרעגט, װוּ איז דער אױסװעג, — און דער אױסװעג איז געװענ אינ דער װידער־פאַרײניקונג — האָט זי געבוירנ געטענ, האָט זי געבוירנ שילערנ.

װענ דער שרײַבער קאָנ זיך באַציִענ צו דער װירקלעכקײַט פּאָזיטיװ, קאָנ ער געבנ אנ עמעסדיק בילד פונ דער דאָזיקער װירקלעכקײַט.

*אָבער װוּ װעט איר געפינענ א קינסטלער, װאָס זאָל קאָנענ איבערצײַגנ די מיליאָנענ אַרבעטער און פױערים, אז די אימפּעריאַליסטישע װעלט־מילכאָמע איז א גליק?*

פּרוּבירט געפינענ א גרױסנ הײַנטצײַטיקנ קינסטלער, װאָס זאָל געבנ אנ עמעסדיקנ בוך װעגנ דעם איטאַליענישנ דאָרפ, א בוך, װאָס זאָל איבערצײַגנ די פױערים און אונדז, אז דער פאַשיזם האָט געבראַכט דעם איטאַליענישנ דאָרפ באַפרײַונג. און דאָך איז פאַראַנ אנ עמעסדיק בוך װעגנ דעם איטאַליענישנ דאָרפ, דער בוך פונ *סילאָנע*, א מענטש, װאָס אינ מעשעכ פונ זײַנ לעבנ איז ער באַגאַנגענ גרױסע פּאָליטישע פעלערנ, אָבער, װאָס האָט געגעבנ אנ עמעסדיק בילד פונעם דאָרפ, װײַל ער איז א סוינע פונעם פאַשיזם. און דער עמעס װעגנ דעם איטאַליענישנ דאָרפ קאָנ באַשטײנ בלויז דערינ, אז דער איטאַליענישער פאַשיזם האָט ניט באַזײַטיקט די מאַכט פונעם גוטסבאַזיצער, האָט ניט באַזײַטיקט די עקספּלואַטאַציע פונעם פױער דורכנ

קאפיטאליזם, האָט ניט באזײַטיקט נאָר פארשטארקט דעם יאָך פון דער ביוראָקראטיע אינעם פאשיסטישן דאָרף.

און אויב הײַנט וואָלט געבוירן געוואָרן א שרײַבער אפילו פון אזא טאלאנט ווי שעקספּיר, פון אזא טאלאנט ווי מיקעל אנדזשעלאָ, אָדער לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי, איז, זײַענדיק געשטעלט פאר דער אויפגאבע אויסצומאָלן אן איבערצײַגלעכן בילד פאר דער פאָלקס-מאסע, א בילד פון דער פאשיסטישער ווירקלעכקײַט, וואָלט ער געגעבן א בילד, וואָס רעדט קעגן דעם פאשיזם, קעגן דעם קאפּיטאליזם, און וואָלט ניט געקענט געבן קיין בילד, וואָס איז פאר זיי.

און דערין ליגט די סיבע פון דער פארפלייצונג פון דער פאשיסטישער ליטעראטור. און דערין ליגט די סיבע דערפון, וואָס דער פאשיזם וועט קיינמאָל ניט שאפן קיין גרויסע ליטעראטור, אין איבערצײַגלעכע פאר די ברייטע מ*אסן.

אינעם פעריאָד פון דער אָפּשטארבונג פונעם קאפיטאליזם קאָנען די פאשיסטן פארניכטן די ליטעראטור. אָבער קיין גרויסע ליטעראטור וועלן זיי ניט שאפן. און יעטווידער קינסטלער, אפילו דער, וואָס וואָלט ניט פארשטאנען דעם גאנצן אומפאנג פונעם לעבן, וואָס וואָלט ניט פארשטאנען, וואָס איז אזוינס דער פאשיזם, דארף פארשטיין איין זאך: דער פאשיזם איז די אָפּשטארבונג, די צעפוילונג, די צעפאלונג פון דער ליטעראטור. און ווער עס וויל, אז עס זאָל זיך ווידער אנטוויקלען די וועלט-ליטעראטור, ווער עס וויל א נײַע ליטעראטור, ווער עס וויל אז דער דאָזיקער גרויסער הויבער פון דער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, וועלכער האָט געגעבן דער מענטשהייט דעם גרעסטן געניוס, וועלכער פארפילט דאָס לעבן פון פיל מענטשן, וועלכער איז דער קוואל פון גרויסער שאפונג, אז אָט דער הויבער זאָל לעבן און זיך אנטוויקלען, — דער דארף אָפּשווימען פונעם דאָזיקן ברעג, זוכן וועגן צו אונדז, דארף גיין מיטן פראָלעטאריאט צום קאמף קעגן דעם קאפיטאליזם, צום קאמף קעגן דעם פאשיזם, ווײַל בלויז אין דעם דאָזיקן קאמף וועט אנטשטיין, זיך אנטוויקלען און זיך פארפעסטיקן די ליטעראטור, וואָס וועט זײַן א גרויסע ליטעראטור.

# די געבורט פונ דער רעוואָליוציאָנערער אונ פּראָלע־טאַרישער ליטעראַטור

מיר זײַנענ אַרויס פונ דער געבורט פונ דער רעוואָליוציאָנערער אונ פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. מיר האָבנ פאַר זיכ ניט בלויז דעמ וווּקס פונ דער ליטעראַטור אינעמ ראַטנפאַרבאַנד, ווו זי אַנטוויקלט זיכ פאַר אונדז אינ די אויגנ אונ אַ מעכטיקער פאַרגעשריטענער וועלט־ליטעראַטור, נאָר מיר זײַנענ אויכ אײדעס פונעמ אָנהייב געבורט פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אינ דער גאַנ־צער וועלט.

אַלע גרונט־פּרינציפּנ, וואָס שטעלנ אײַנ אונדזער באַציונג צו דער פּראָבלעמ פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, געפינענ מיר בײַ לע־נינענ, ווענ ער גיט אַנ אָפּשאַצונג די פאַרשײדענע שרײַבער פונ דער בורזשואַזיע, פונ די גוטבאַזיצער, אונ ווענ ער גיט אַנ אַלגעמײנע אײַנ־שטעלונג בענוגע דער קולטור־רעוואָליוציע. טראָצקיס באַהויפּטונג וועגנ דער אוממעגלעכקײט פונ אַ פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור האָט זיכ געשטיצט, ערשטנס, אויפנ ניט פאַרשטײנ, אַז די וועלט־רעוואָליוציע איז אַ דויערנדיקער פּעריאָד, אַ פּעריאָד פונ מאַפּאָלעס אונ ניצחונעס, אַז זי איז ניט קײנ קורצינקער אויפרײַס, אַז זי איז ניט קײנ רעזולטאַט פונ עפּעס אַ קאָניונקטור, וואָס איז אַנטשטאַנענ אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע אונ קאָנ פאַרבײַגײן, אונ צווײטנס, אויפנ אָפּלײקענענ די מעגלעכקײט אויסצובויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ אײנ לאַנד.

די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור בײַ אונדז איז געוואָרנ מעגלעכ דער־פאַר, ווײַל די 17 יאָר קאַמפּ, וואָס אינ פאַרלויפ פונ זײ האָט דער סאָוועטישער פּראָלעטאַריאַט געשאַפנ דעמ פונדאַמענט פונעמ סאָצי־אַליזמ אונ בויט די געבײַדע פונעמ סאָציאַליזמ, האָבנ אַנטוויקלט אײַ־נעמ פּראָלעטאַריאַט קאָלאָסאַלע קולטור־קרעפטנ אונ געמאַכט פאַר דער באַדערפעניש פונ די ברײטע פאָלקס־מאַסנ צו געפינענ אינ דער לי־טעראַטור אַנ אָפּשפּיגלונג פונ זײער קאַמפּ, געפינענ אינ דער ליטע־ראַטור אַנ אָפּשפּיגלונג פונ זײערע האָפענונגענ, אַנ אָפּשפּיגלונג פונ זײערע שטרעבונגענ

אָבער דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט, וואָס זײַנע אַוואַנגאַרדנ פירנ דעמ קאַמפּ פאַר אַראָפּוואַרפנ די מאַכט פונ דער בורזשואַזיע, אונ וואָס לעבט איבער אינ דעמ דאָזיקנ קאַמפּ אומגעהערטע אויפשטײַגנ אונ וואָס לײַדט קאָלאָסאַלע מאַפּאָלעס, וואָס זעט דעמ אונטערגאַנג פונ דער בורזשו-

אזער קולטור און די געבורט פון דער פּראָלעטארישער סאָציאליסטי־שער קולטור איינעם פּסס, — דער וועלט־פּראָלעטאריאט קאָן ניט פארבלייבן שטום פאר די האַזיקע אופטרייסלונגען.

די אלע גרויסע שלאכטן האבן ניט געקאָנט ניט געפינען קיין אָפּ־שפּיגלונג אין דער ליטעראטור, און דאָס איגטערעסאנטסטע איז דאָס, וואָס די פּראָלעטארישע דייטשישע ליטעראטור גייט פון די טיפעניש פונעם דייטשישן ארבעטער־קלאַס, וואָס עס שאפן זי שרייבער, וועל־כע האָבן נעכטן געארבעט אינעם זאוואָד, אָדער זיי האָבן אויסגעפּילט די פליכטן פון פּארטיי־אגיטאטערס, פון פּארטיי־אָרגאַניזאטערס. דאָס זיינען אזוינע שרייבער, ווי מארכוויצ, גריונבערג, קלע־בער, פּליוויע און אנדערע.

די פּראָלעטארישע ליטעראטור האָט באוויזן צוציען צו זיך ניט בלויז די געזעלשאפטלעכע מיינונג, נאָר זי האָט אויך באוויזן צוציען אין אירע רייען די שרייבער פון דער בורזשואזיע. איך רייד ניט וועגן אזוינע שרייבער, ווי דער קאָמוניסטישער דיכטער יאָהאַנעס בע־כער, וואָס איז געווען אין דער באוועגונג פון אָנהייב אָן און וואָס איז געקומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג ניט אלס ליטע־ראט, אָבער דאָס קומען פון לודוויג רען אין אונדזער פּארטיי איז געווען א רעזולטאט ניט בלויז פונעם קאמף פון אונדזער פּארטיי, פונעם קאמף פונעם פּראָלעטאריאט, נאָר אויך אונטער דער ווירקונג פון דער אנטשטייונג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

אויב איר וועט נעמען א צווייטן טייל וועלט — אזיע, אויב איר וועט א קוק טאָן, וואָס עס קומט פאָר אין יאפּאָניע, וועט זיך ארויס־ווייזן, אז מיר האָבן דאָרט א מערקווירדיק בילד פונעם אופקומען פון דער קוואנטיטאטיוו סאמע רייכער פּראָלעטארישער ליטעראטור, ניט רעכענענדיק פּסס. די האַזיקע ליטעראטור איז רירנד מיט איר איינפאכקייט און מיט איר נאָענטקייט צום פּראָלעטאריאט. קאָבאַ־יאסי, קוקושימא, סעקעטי, כאיאשי און טאָקונ־אטשי — דאָס זיינען שרייבער, וואָס שטאמען פון די פּאָלקמאסן.

די יאפּאָנישע פּראָלעטארישע ליטעראטור איז די סאמע איינגע־וואָרצלטע פּראָלעטארישע ליטעראטור פון אלע עקזיסטירנדיקע. זי אָטעמט אינגאנצן מיטן לעבן פון די פּאָלקמאסן. זי ווייזט פאנאנדער פאר אונדז א בילד פונעם קאמף פונעם יאפּאנישן פּראָלעטאריאט. זי באווייזט פון וואָסערע שיכטן זי קומט, וווהין זי גייט.

אין אזא לאנד ווי אמעריקע קומט אויך פאָר א טיפער דיפערענ־

ציאַציע־פּראָצעס פונ דער אינטעליגענצ. דער דאָזיקער פּראָצעס גע־פינט זיינ אָפּשפּיגלונג אויכ אינ די רייענ פונ דער פּראָלעטאַרישער לי־טעראַטור. עס איז גענוג אָנווייזנ, למשל, אַפ סטילס בוכ, וואָס שילדערט די לאַגע אינ פאָרדס זאַוואָדנ אינ דעטרויט.

מיר זעענ גלייכצייטיק, ווי אַזוי די שרייבער, וואָס וואַקלענ זיכ אונ וואָס גייענ אַריבער צו אונדז, אָרדענענ איינ עקספּעדיציעס אינ די שטעט, וווּ עס קומענ פאָר שטרייקנ, וווּהינ די אָרטיקע מאַגנאַטנ לאָזנ ניט צו קיינ שום קאָמוניסטנ־אַגיטאַטאָרס. דאָרט נעמט די ליטעראַטור אַפ זיכ ניט בלויז אויספאָרשנ דאָס, וואָס עס קומט פאָר, אויספאָרשנ אַלע רעציכעס פונעמ קאַפּיטאַליזמ, נאָר אויכ די פונקציעס פונ א די־רעקטנ פּאַרטייִדיקער פונ די אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט.

מיר זעענ, ווי אַזוי אינ פראַנקרייכ אַנטשטייט א פּראָלעטאַ־רישע ליטעראַטור. ווי אַזוי פונ די טיפענישנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, פונ די אימ נאָענטע פאָלקשיכטנ קומענ אַרויס שרייבער, וואָס טרעטנ אָפנ אַרויס אַלס קאָמוניסטנ, אַלס פּראָלעטאַרישע שרייבער.

מיר זעענ דעמ אָנהייב פונ א פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אינ ענגלאַנד אינעמ האַרצנ פונעמ בורזשואַזנ ענגלאַנד, אינ אָקספאָרד, וווּ עס ווערנ דערצויגנ די זינ פונ דער ענגלישער בורזשואַזיע, קריס־טאַליזירט זיכ אויס א גרופּע, וואָס פאַרשטייט, אַז די רעטונג איז בלויז אינ דער דערנענטערונג צומ פּראָלעטאַריאַט.

גלייכצייטיק מיט די דאָזיקע נייע שפּראָצלינגענ, וואָס גייענ פו־נונטנ, זעענ מיר א קער צו אונדז פונ די ברייטע שיכטנ אינטעליגענצ, פונ דער אַלטער אינטעליגענצ, וואָס איז נעכטנ געווענ א נייטראַלע אָדער פײַנטלעכע. דער דאָזיקער קער איז אַנ אָנזאָגער פונ גרויסע סאָ־ציאַלע איבערוקנ. זעלבסטפאַרשטענדלעכ, אַז ראָמענ ראָלאַנ אונ דרייזער זיינענ ניט דערפאַר געקומענ צו אונדז, ווייל צו אונדז גייענ אייניקע שיכטנ פונ שטאָטישנ אונ דאָרפישנ קלייִנבירגערטומ, וואָס זוכנ אַנ אויסוועג פונ דער אויסוועגלאָזער לאַגע באַמ קאַפּיטאַ־ליזמ. די דאָזיקע שרייבער זיינענ אַוועק צו אונדז, באַוועגט דערפונ, וואָס עס טוט זיכ אינ זייער נעשאָמע. אָבער צווישנ זייערע נעשאָמעס, די נעשאָמעס פונ די דאָזיקע אַלטע שרייבער אונ די נעשאָמעס פונ די קלייִנבירגערלעכע מאַסנ, איז גיטאָ קיינ כינעזישע וואַנט. דער איבערבראָכ, וואָס איז אינ זיי פאָרגעקומענ, איז א סימבאָל אונ א סימפּטאָמ פונ די זיכ גרייטנדיקע איבערגרופּי־רונגענ אינ די פאָלק־מאַסנ.

רייִדנדיק וועגנ די הויפּט־מעניעס אונ שטערונגענ, וואָס שטייענ אפנ וועג פונ די דאָזיקע אלטע שרײַבער, ווענ זיי דערנעענטערנ זיכ צו אונדז, האָב איכ אָנגעוויזנ אפ צוויי מאָמענטנ. ערשטנס, זעענ ניט פיל פונ די דאָזיקע שרײַבער די רעוואָלוציאָנערע קראַפט בא זיכ אינ לאַנד. צווייטנס, מײַדנ זיי אויס קאַמפ. אָבער, אויב מיר וועלנ זיכ צוקוקנ אופמערקזאַמ צו דער דאָזיקער דערנעענטערונג פונ דעמ קליינבירגערלעכנ שרײַבער צו אונדז, רעוואָלוציאָנערע שרײַבער, אויב מיר וועלנ זיכ צוקוקנ צו זייער עוואָלוציע, וועלנ מיר זיכ אָפּשטעלנ נאָכ אפ אנדערע שטערונגענ, וואָס מע דאַרפ אופדעקנ, ווײַל דער פּראָצעס פונ זייער קומענ צו אונדז איז א ווײַטערדיקער פּראָצעס. מע טאָר ניט קאָמאַנדעווענ איבער אימ, מע טאָר אימ ניט פאַרשנעלערנ קינסטלעכ. אָבער, פונ דער צווייטער זײַט, וועלנ די דאָזיקע שרײַבער ניט בײַקומענ זייערע שוועריקײַטנ, ביזוואַנענ זיי וועלנ ניט פאַרשטיינ די אומבאַגרענעצטקײַט דערפונ, וואָס זיי האַלט אָפּ פונ אונדז.

אינ פראַנקרײַכ ווערנ די דאָזיקע פראַגנ באַהאַנדלט סײַ אינ ראָמאַנענ, סײַ אינ דער גרויסער ביז גאָר אינטערעסאַנטער פּובליציסטישער ליטעראַטור, וווּ די קינסטלער, וועלכע גייענ צו אונדז, פאָרמולירנ זייערע שוועריקײַטנ, אונ וועלכע פאָדערנ די סאַמע ברייטערלעכע אונ סאַמע וואַרעמע באַטראַכטונג.

נעמט ראָמענ ראָלאַנס „קלעראַמבאָ“, א בוכ, וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ דעמ פּעריאָד, וואָס ראָמענ ראָלאַנ האָט זיכ ניט געקאָנט באַשליסנ צו גייענ מיט אונדז, א בוכ, וואָס דערציילט פונ אלע זײַנע ספייקעס. באַטראַכט דעמ בוכ פונ אונדזער פרײַנט, וואָס איז דאָ אפנ צוזאַמענפאָר, פונעמ גרויסנ פראַנצויזישנ שרײַבער זשאַנ רישאַר בלאָק, דעמ בוכ „דער שיקזאַל פונעמ יאָרהונדערט“. נעמט פערנאַנדעסעס ארטיקלענ אונ איר וועט זענ, וואָס עס שטערט די דאָזיקע שרײַבער, אָדער וואָס עס האָט זיי געשטערט אפ געוויסע עטאַפּנ פונ זייער אנטוויקלונג צו קומענ צו אונדז.

אינ גרונט גענומענ, אויב מע זאָל אָפּוואַרפנ די סיבעס, וואָס וועגנ זיי האָב איכ שוינ גערעדט, — די פּעסימיסטישע אָפּשאַצונג פונעמ צושטאַנד, פונ די רעוואָלוציאָנערע קרעפטנ אינ לאַנד, — אויב מע זאָל אָפּוואַרפנ דאָס ניט וועלנ קעמפנ, — איז וואָס איז דער גאָפּל וואָס פאַרבינדט די דאָזיקע וואַקלענדיקע שרײַבער מיטנ צווייטנ לאַגער? איכ נעמ די סאַמע באַחאַכטע, דענקענדיקע שרײַבער, איכ נעמ

זיי ניט צוליב פּאָלעמיק, נאָר פּאַרקערט, קעדיי צו פאַרשטיין זיי און העלפן זיי פאַרשטיין אונדז.

וואָס פאַר אַן אידיי דאַרפן מיר זיי העלפן באַקומען? דאָס איז די אידיי פון אינדיווידואַליזם, די אידיי, וואָס באַשטייט אין דעם: „איך, דער שרײַבער, דער אינטעלעקטועלער טוער, קאָן זיך ניט אונטערוואַרפן קיין שום דיסציפּלין, יעדע פּאַרטיי איז קלאַפּעס אַף די אויגן, יעדע פּאַרטיי בינדט דעם קינסטלער, איך וויל זײַן אַ פרײַער שיסער פאַר דער רעוואָליוציע, איך קאָן ניט זײַן קיין סאָלדאַט פון דער אַרמיי פון דער רעוואָליוציע”. דער דאָזיקער מער ווייניקער פאָרמולירטער געדאַנק איז דאָס האַרץ פון די שוועריקײַטן בא אַלע זיך וואַקלענדיקע שרײַבער, וואָס ווילן אויפריכטיק קומען צו אונדז.

און, פאַרשטייט זיך, ניט צוליב אונדזערע אַרגומענטן פאַרשווינדט די דאָזיקע שוועריקײַט — אַרגומענטן קאָנען בלויז העלפן — זי וועט פאַרשווינדן ווערן דאַן, ווען עס וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען די שלאַכט, און ווען דער שרײַבער וועט דערזען, אַז באַטייליקן זיך אין דער שלאַכט קאָן ער בלויז ווי אַ סאָלדאַט, און אַז עס איז ניטאָ קיין קעמפנדיקע אַרמיי, וואָס זאָל ניט זײַן פאַרבונדן מיט אַן אינערלעכער אייניהײַט און אינערלעכער דיסציפּלין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט צוליב דעם עקזיסטירן די רעוואָליוציע און די פּאַרטיי קעדיי צו באַוואָרענען אַלע מיטגלידער די פולשטענדיקע פרײַהײַט. ענגעלס האָט געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין מער אויטאָריטאַרע זאַך, ווי די רעוואָליוציע, — די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע וועט באַוואָרענען פרײַהײַט דער מענטשהײַט. זי דאַרף שאַפן אַן אַרמיי, וואָס אין איר פאַראייניקן זיך די מענטשן צוליב דעם איקער, זיי פאַראייניקן זיך צוליב די ציל פון קאַמף, זיי פאַראייניקן זיך צוליב דער געמײנזאַמער פּראָגראַם, צוליב דעם געמײנזאַמען וועג און דאַרפן אונטערוואַרפן אַלדאָס אינדיווידועלע דעם דאָזיקן געמײנזאַמען, דעם דאָזיקן אַלגעמײנעם ציל.

מיר האָבן אַף דעם דאָזיקן געביט אַ קאָלאָסאַלע דערפאַרונג. און אויב לענין האָט געזאָגט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אין



2—759

1920 יאָר אינ די „קינדער־קראנקײטנ פונ לינקײט“, אז די דערפארונג פונ דער רוסישער רעוואָליוציע קאָנ העלפנ קלענער מאכנ די יעסו־רימ פונעמ פראָלעטאריאט אינ א סאכ לענדער, — איז אפנ ספּעציעלנ געביט, וואָס וועגנ אימ רײדנ מיר, אפנ געביט פונ די באציִונגענ פו־נעמ שרײַבערס אינדיווידועלער פרײַהײט צו דער רעוואָליוציע, האָבנ מיר א קאָלאָסאלע דערפארונג, ניט בלויז א ליטעראַרישע.

זאָל יעדער שרײַבער דורכטראכטנ דאָס אפנ טיפסטנ אויפנ, אונ דאנ וועט ער פארשטײנ: *אָדער ער וועט אויסגעשלאָסנ ווערנ פונעמ כעזשבנ פונ דעמ קאמפ, וואָס צו אימ רײַסט זיכ זײַנ נעשאָמע, וואָס אינ אימ וויל ער זיכ באטײליקנ, אָדער ער דארפ גײנ אינ דער שערענגע פונ די קעמפנדיקע פאָלקמאסנ.* אונ אפ מילכאָמע קומט ניט פאָר אזוי, אז יעדער סאָלדאט זאָל קאָנענ דער־גײנ צומ ציל מיט זײַנ אײגנ שטענגל. אפ מילכאָמע גײט מענ לויט א מארשרוט.

ניט געקוקט אפ די אלע שוועריקײַטנ, *צווינגט די געשיכטע די שרײַבער זיכ א קער טאָנ צו אונדז.* אונ מיר האָבנ געזענ דעמ קער פונ אנדרע זשיד, וואָס איז פאר דער בורזשואזער ליטעראטור אומפארשטענדלעכ. מיר האָבנ געזענ ניט בלויז דעמ קער פונ ראָמענ ראָלאנ, דעמ גרעסטנ פראנצויזישנ שרײַבער, נאָר מיר האָבנ געזענ נאָכ א זאכ, וויאזוי דער דאָזיקער גרויסער שרײַבער, וועל־כער איז פארגאנגענ אינ א טעמפנ ווינקל, צוליב זײַנ וועלטאָנשויונג, וועלכער האָט אינ די ערשטע בענדער פונ זײַנ „באצויבערטער נעשאָ־מע“ פארפירט אינ א טעמפנ ווינקל זײַנ העלדנ, אונ וועלכער האָט איבערגעריסנ דעמ דאָזיקנ ראָמאנ, ניט וויסנדיק וווהינ זי צו פירנ — איז איצט, נאָכ דעמ, ווי ער האָט זיכ געשטעלט *אפנ נײַעמ שטאנדפונקט, וואָס באוואָרנט דעמ היסטאָרישנ אויסוועג, באווײַזט ער אינעמ לעצטנ באנד די דאָ־זיקע העלדנ אינ שלאכט.*

איכ האלט, אז דער דאָזיקער בוכ ראָמענ ראָלאנס — איז אונדזער גרעסטער זיג, אונדזער זיג ניט בלויז דערפאר, וואָס דער גרויסער שרײַבער פונ דער וועלט־ליטעראטור האָט געפונענ אינ אימ דעמ וועג צו אונדז, נאָר אויכ דערפאר, ווײַל אפ דעמ דאָזיקנ וועג האָט ער זיכ אופגעהויבנ אלס קינסטלער אסאכ העכער, אײדער ער האָט זיכ אופ־געהויבנ אפילע אינ זײַנ בעסטנ ראָמאנ „זשאנ קריסטאָפ“.

דער גרויסער שרײַבער ראָמענ ראָלאַנ האָט געפֿונענ דעם דאָזיקנ וועג צו אונדז. אים געפֿינענ, וועלנ געפֿינענ הונדערטער גרויסע וועלט־שרײַבער. זײ וועלנ אים געפֿינענ דורכגײענדיק דורך א רײ פֿעלערנ (אזא עוואָלוציע קומט ניט פֿאָר אינ אײנ טאָג,) בײַ אײנ גרונטבאַ־דינגונג: אויב די דאָזיקע שרײַבער זײַנענ ניט קײנ ספּאָרטסמענער אינ דער ליטעראַטור, אויב די דאָזיקע שרײַבער זײַנענ פֿאַרבונדנ מיט די פֿאָלק־מאַסנ, אויב די גרויסע טראַגעדיע, וואָס עס לעבט איצט איבער די מענ־טשהײט, די טראַגעדיע פֿונעם אונטערגאַנג פֿונ אײנ אָרדענונג, און די פֿרײד פֿונ דער געבורט פֿונ א צווײטער אָרדענונג דערגײט צו זײער מאַרכ דורכנ האַרצנ, וואָס איז פֿאַרבונדנ מיט די פֿאָלק־מאַסנ און וואָס פֿילט זײ מיט. עס קאָנ עקזיסטירנ א גרוי־סער שרײַבער, וואָס גיט טאַלאַנטפֿולע בילדער פֿונ די רעוואָלוציאָ־נערע אויפֿטרײסלונגענ, אָבער אויב ער איז ניט פֿאַרבונדנ בלוטיק מיט די דאָזיקע קעמפֿנדיקע פֿאָלקמאַסנ, מיט די קעמפֿנדיקע אַרבעטער און פּויערים, אויב ער זוכט אינ דער רעוואָלוציע אַנ אויסבאַהעלטעניש פֿונ דער לעבנס־פּוסטקײַט, וועט זײַנ טאַלאַנט זײַנ פּוסט און ער וועט ניט אויפֿבליִענ.

ווענ מיר אַלע האָבנ זיכ פֿאַרזאַמלט נאָכ וולאַדימיר איליטשעס טויט אינ גרויסנ טעאַטער צו געזעגענענ זיכ מיט אים, האָט נאַדעזשדאַ קאָנ־סטאַנטינאָוונאַ קרופּסקאַיאַ געזאָגט ווערטער, וואָס איכ וואָלט זײ גע־וואָלט דערמאָנענ אַלע שרײַבער, וועלכע זוכנ די וועגנ צו אונדז. די ווערטער זײַנענ אַבסאָליוט אומגעווײנלעכע ניט בלויז בײַ איר אינ מויל, נאָר אויכ אינעם מויל פֿונ אונדז אַלעמענ, קאָמוניסטנ. זי האָט געזאָגט: „לענינ האָט טיפֿ געליבט דאָס פֿאָלק".

און ווענ דער פֿירער פֿונ אונדזער פּאַרטײ כאַווער סטאַלינ האָט געענטפֿערט אויפֿ די באַגריסונגענ פֿונ דער פּאַרטײ פֿונעם פּראָ־לעטאַריאַט אינ זײַנ 50־טנ געבורט־טאָג, האָט ער געזאָגט ווערטער, וואָס אינעם מויל פֿונ אַזא אײַנגעהאַלטענעם מענטשנ, ווי ער, האָבנ זײ געקלונגענ, ווי געקומענע פֿונ דער סאַמע טיפֿ. סטאַלינ האָט גע־זאָגט, אַז ער איז גרײט דאָס גאַנצע בלוט זײַנע „טראָפּנ נאָכ טראָפּנ" אָפּגעבנ דעם פּראָלעטאַריאַט.

אַזוינע ווערטער, ווי עס האָבנ געזאָגט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטי־נאָוונאַ און כאַווער סטאַלינ ווערנ געזאָגט זײער זעלטנ. אָבער אויב מיר איצט דאָ רײדנ דאָכ וועגנ גרויסע פּראָגנ, וועגנ דעם קער צו אונדז מיצאַד די גרויסע קינסטלער, וואָס קאָנענ פֿיל העלפֿנ דעם אַר־

בעטער-קלאס אונ דעמ פויערטומ אינ זייער קאמפ. אונ מיר זאָגנ צו די דאָזיקע קינסטלער: „מע קאָנ זײַנ א מײַסטער, אונ ניט קענענ אָפּשפּיגלענ דעמ דאָזיקנ גרויסנ קאמפ. איר וועט אימ קאָנענ אָפּשפּיגלענ בלויז דאנ, אויב אינ אײַך וועט זיך אָפּרופנ די ליבע צו די קעמפנדיקע פאָלקמאסנ, וואָס ניט בלויז זיי לײַדנ אונ קעמפנ, נאָר וואָס זײַנענ דער אייניציקער יעסאָד פונעמ נײַעמ לעבנ. אויסער דער דאָזיקער באציונג צו דער געשילדערטער רעוואָליוציע, צומ געשילדערטנ קאמפ איז ניטאָ קיינ גרויסע קונסט".

די פּראָלעטארישע שרײַבער קרענקענ אפ אנדערע קראנקײַטנ, אייַדער עס האָבנ געקרענקט די דאָזיקע אלטע מײַסטערס פונ דער ליטעראטור. קירצער געזאָגט, זיי קרענקענ אפ קולטור-מאנגל.

אינ מײַנ אויפגאבע גייט ניט ארײַנ פאנאנדערצוטיילנ די שרײַבער לויט דער ראנגענ-טאבעלע, דאָ איז ניט קיינ אָרט דערפאר, קימאט אלע פּראָלעטארישע שרײַבער לײַדנ פונ איינ קראנקײַט. אינ וואָס באשטייט זי? עשטנס, גייענ זיי, ווי יעדער שרײַבער, ארויס פונ זייער דערפארונג, דערפונ, וואָס זיי האָבנ עמאָציאָנעל געפילט, אָבער זיי האָבנ בלויז די דערפארונג פונעמ קאמפ אינ זאוואָד, די דערפארונג פונ א דעמאָנסטראציע, אינ בעסטנ פאל פונ א באוואָפנטנ קאמפ אפ א געוויסנ באצירק, אונ בא זיי ווערט די גאנצע וועלט ארײַנגעפּרעסט אהער, אונ אינ דער דאָזיקער וועלט איז פאראנ בלויז דער פּראָלעטאריאט אונ די בורזשואזיע. דאָס איז ערשטנס. אָבער דאָס איז ניט קיינ קאָמוניסטישער צוגאנג. דער קאָמוניסטישער צוגאנג באשטייט אינ דעמ, אז דער שרײַבער זאָל זענ דאָס לעבנ מיט אלע זײַנע שטאפּלענ אונ שיכטנ, ווײַל אלע שיכטנ שפּילנ א גרויסע ראָליע אינ די אנטשיידנדיקע שלאכטנ פונ דער מענטשהײַט.

צווייטנס, די פּראָלעטארישע שרײַבער האָבנ פּאָשעט נאָך ניט באהערשט די פאָרמ. די בורזשואזע שול האָט זיי ניט געגעבנ קיינ ליטעראַרישע קולטור, אונ דער פּראָלעטארישער שרײַבער דארפ זיך דורכשלאָגנ א וועג דורכ א גרויסער ארבעט איבער דער פאָרמ, פּונקט אזוי, ווי ער קוואליפיצירט זיך אינעמ זאוואָד.

דאָס אלצ פאָדערט צײַט אונ דאָס אלצ פאָדערט פונ די פּראָלעטארישע שרײַבער, זיי זאָלנ ניט פארלירנדיק זייער פארבינדונג מיט דער מאסע, ניט אוועקגייענדיק אפ קיינ איינ מאָמענט פונ איר קאמפ, ניט פארוואנדלענדיק זיך אינ צושויער, אינ באָאבאכטער פונ דעמ דאָזיקנ קאמפ, געפינענ דעמ וועג צו די אויצרעס פונ דער פאָריקער ליטעראַ-

טור אונ צו די הײַנטצײַטיקע גרויסע מײַסטערס, וואָס באַ זיי קאָנענ זיי זיכ לערנענ. אונ יענע גרויסע שרײַבער, וואָס קומענ צו אונדז, דארפנ העלפנ די דאָזיקע פּראָלעטארישע שרײַבער באהערשנ די טעכניק אונ פארקירצנ אזויארום די געבורט־טערמינענ פונ דער גרויסער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

מיר זײַנענ טיפ איבערצײַגט, אז די דאָזיקע פּראָלעטארישע ליטעראטור וועט אויפקומענ דורכ דער ארגאנישער צונויפגיסונג פונ די בעסטע שרײַבער פונ דער אלטער אינטעליגענצ, וואָס גייענ צו אונדז, מיט די פּראָלעטארישע שרײַבער. טראָגנדיק די ליבע אונ האס, וואָס ברויזט באַם פּראָלעטאריאט אינ ברוסט, וועלנ די פּראָלעטארישע שרײַבער זיכ לערנענ באַ די וואָרט־מײַסטערס, וויאזוי צו דינענ מיט דער פעדער דעמ פּראָלעטאריאט, וואָס זיי האָבנ אימ געדינט ביז דער דאָזיקער צײַט אלס אגיטאטאָרס אונ סאָלדאטנ.

די פּראָלעטארישע שרײַבער צוזאמענ מיט די רעוואָליוציאָנערע שרײַבער, וואָס וועלנ גיינ אפ אנ אָרגאנישער צונויפגיסונג מיט אונדז, וועלנ קאָנענ שאפנ אונ וועלנ שאפנ די ליטעראטור, וואָס איז נייטיק דעמ פּראָלעטאריאט אינ דעמ אָנקומענדיקנ פעריאָד פונעמ נײַעמ טור רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס.

## דזשעמס דזשאָיס אָדער סאָציאליסטישער רעאליזמ?

די שרײַבער קומענ זייער אָפט צו אונדז מיט פראגנ וועגנ דער פאָרמ. מיר האָבנ אויכ דאָ געהערט די רעדעס פונ אונדזערע אויסלענדישע פרײַנט, וועלכע האָבנ גערעדט ניט בלויז וועגנ דעמ, וואָס עס האָט זיי געגעבנ די עפּאָכע פונ רעוואָליוציעס אונ די הײַנטצײַטיקע ווירקלעכקײַט, נאָר וועלכע האָבנ אונדז געגעבנ אייצעס פונעמ שטאנדפּונקט פונ זייער מײַסטערשאפט. זיי האָבנ אויסגעדריקט די אומרו, אז שעקספּיר זאָל באַ אונדז צופעליק ניט שטארבנ, א דערשטיקטער פונ אונדזערע זאָרג וועגנ דער ליטעראטור.

איכ מיינ, אז די מוירע פונ אונדזער פרײַנט מאלראָ, אז מע זאָל באַ אונדז דאָ אינ די יאסלעס ניט דערשטיקנ דעמ שעקספּיר, וואָס האלט באַ געבוירנ ווערנ, באווײַזט, אז ער האָט ניט גענוג צוטרוי צו די, וואָס פאסנ אופ אינ די יאסלעס אפנ קינד. זאָל נאָר געבאָרנ ווערנ אָט דער שעקספּיר — איכ בינ איבערצײַגט, אז ער וועט געבוירנ

ווערן — און מיר וועלן אים שוין מאכן פאר א מענטשן. אפילע די, וואָס ווערן ניט געבוירן אלס שעקספירן, באמיִען מיר זיך צו מאכן זיי פאר מענטשן און מיר העלפן זיי.

מיר גייען מיט זייער א ברייטן פראָנט. ווען עס זיינען געבוירן געוואָרן שעקספירס, איז אינעם קולטור־קרייז געווען פארטראָגן א קלייניקער טייל געזעלשאפט. אויב אפילע אין דעם דאָזיקן טייל געזעלשאפט איז דער פראָצענט באגאבטע מענטשן געווען א גרעסערער, ווי בא אונדז, איז שטורעמענדיק די קולטור מיט צענדליקער מיליאָנען, האָבן מיר אין הונדערט מאָל מער שאנסן, אז בא אונדז וועלן זיך געפינען מער שעקספירן. מער געניעס. (אפלאָדיסמענטן).

ווי איז עס געזען געוואָרן, אז ביים א שרייבער־צוזאמענפאָר זאָלן אוילעם מענטשן טעגלעך שטיין אפ דער גאס און ווארטן צו באַקומען א בילעט? וואָס באטייט עס? דאָס באטייט, אז אונדזערע מאסן ווילן האָבן א גרויסע ליטעראטור. און זיי וועלן זי טאקע שאפן, אָט די גרויסע ליטעראטור פונקט אזוי, ווי זיי האָבן געשאפן אלץ, וואָס מיר זעען איצט.

עס וואָלט געווען לעכערלעך, ווען אונדזערע קינסטלער וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו לערנען זיך בא די אויסלענדישע קינסטלער.

דער דורכשניטלעכער פראנצויזישער שרייבער איז זיך פון פאָרם אמווייניקסטנס ניט ערגער פון אונדזערע זייער א גוטן שרייבער. דאָ איז קיין שום וווּנדערבארעס ניטאָ. דער פראנצויזישער אָדער דער ענגלישער ארבעטער באהערשט דעם אינסטרומענט אויך בעסער ווי אונדזער נייער ארבעטער, וואָס ארבעט סאכאקל 4-3 יאָר באם ווערקשטעל. דעריבער דארפן מיר בענעגייע דער פאָרם זייער פיל זיך לערנען ניט בלויז בא די קלאסיקער פון דער אלטער ליטעראטור, נאָר אויך בא דער ליטעראטור פונעם אָפּשטארבנדיקן קאפיטאליזם.

צי דארף מען זיך לערנען בא גרויסע קינסטלער, אשטייגער בא פרוסטן, די קענטעניש ארומצוצייכענען, שילדערן יעטווידער מינדסטע באוועגונג אינעם מענטשן? ניט וועגן דעם גייט דער שטרייט. דער שטרייט גייט וועגן דעם, צי האָבן מיר אין איינעם שליאַך, אָדער דעם דאָזיקן שליאַך ווייזן אָן די אויסלענדישע זוכענישן.

איך האָב געלייענט דזשעמס דזשאָיסן מיט גרויס מי. איך בין זיך

מוידע, איכ וואָלט ניט געענדיקט דאָס לייענענ, ווענ ניט דאָס געפיל, אז מע דארפ דאָכ איבערלייענענ, א שמעק טאָנ אזא בוכ, וואָס רעגט פיל שרייַבער.

דעריבער וועל איכ זיכ דערלויבנ צו זאָגנ, אז די, וואָס האלטנ, אז בא דזשאָיסנ קאָנ מענ זיכ לערנענ, דארפ מענ ראטנ ניט לערנענ זיכ בא דזשאָיסנ.

ער שטעלט אלס אויפגאבע פארנ קינסטלער צו פאָטאָגראפירנ א קופע מיסט מיט דער הילפ פונ א קינאָ־אפאראט דורכ א מיקראָסקאָפ.

דזשאָיס האלט, אז מע קאָנ באווייַזנ די ווירקלעכקייַט, אראָפנעמענדיק זי מיט דער הילפ פונ א קינאָ־אפאראט. באוועגונג נאָכ באוועגונג, די באוועגונג פונ די געדאנקענ, דעם מענטשנס באוועגונג, אונ אז דאָס וועט אינ סאכאקל געבנ א גרויס בילד.

אָבער לאָמיר זיכ צוקוקנ צו דעם דאָזיקנ בילד. דזשאָיס באווייַזט דאָס קלייַנבירגערטומ פונ אירלאנד. ער יגט אינ 1904 יאָר. ער גייט נאָכ זייַנע העלדנ אינ דער ביוראָ, אינ דער רעדאקציע, אינ שול, אינ שענק, אינ שאנד־הויז, אונ ער קוקט זיכ צו צו די באוועגונגענ, צו די געדאנקענ, צו די געפילנ פונ דער באוועגונג פונעם מאָגנ ביז דער באוועגונג פונעם מארכ אונ פונ דער טייַווע, אונ פאָטאָגראפירט זיי לויט דער ריי.

דוכט זיכ, וואָס דארפ מענ האָבנ מער? דאָס איז דאָכ — די נייַע פאָרמ פונ רעאליזמ.

אָבער לאָמיר א קוק טאָנ, וואָס ער פאָטאָגראפירט אונ וויאזוי ער פאָטאָגראפירט.

די זעלבע אירלענדישע בורזשואזיע האָט אָרגאניזירט אינ 1916 יאָר אנ אויפשטאנד קעגנ דער ענגלישער הערשאפט, וואָס דזשאָיס האסט זי. די זעלבע בליומס אונ דעדאליוסנ האָבנ געקעמפט אויפ די באריקאדנ, מע פלעגט זיי צעשיסנ. גיט דענ דזשאָיס א ווירקלעכ קינאָ־בילד פונעם לעבנ? ניינ. בא דזשאָיסנ ווערט דער אויסוואל פונעם אָביעקט פונ זייַנ קינאָ־פאָטאָגראפירונג באשטימט דורכ זייַנ שטאנדפונקט. דזשאָיס האָט ניט געגעבנ קיינ סכומ פונעם לעבנ, ער האָט אויסגעקליבנ די מאָמענטנ, וואָס כאראקטעריזירנ די לעיוצלעכדיקייַט פונעם קלייַנבירגערטומ, ער האָט עס ניט געקאָנט זענ אזוי, ווי דאָס איז געווענ אינ שלאכט. אזוי־ארומ, האָט איר ניט

עפעס א נײַעמ אָביעקטיווג מעטאָד פונ באַווײַזנ דאָס לעבנ, נאָר פאַשעט אינ אָפּקלײַב פונ די לעבנד ערשײַנונגענ פונעמ שטאנדפונקט פונ א קלײנבירגער, וואָס זעט ניט קײנ אויסוועג פונעמ קולטור־קריזיס.

נאָר לאָמיר גײנ ווײַטער. זעלבסטפאַרשטענדלעכ, אז מיר דאַרפנ ניט דעמ דאָזיקנ מיקראָסקאָפּישנ מעטאָד אינ אונדזער ליטעראַטור. אויב מיר ווילנ אָפּשפּיגלענ וואָס באַוועגט דעמ ארבעטער, וואָס נעכטנ האָט ער געלעבט אינ דאָרפ אונ איצט קומט ער אינ זאַוואָד מיט אלע קויכעס פאַרנ זיג פונ זײַנ זאַוואָד, פאַרנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ, איז אָפּ צו פאַרשטײנ דאָס. דאַרפנ מיר ניט האָבנ קײנ מיקראָסקאָפּישע פאָטאָגראַפיעס. צו פאַרשטײנ דאָס דאַרפ מענ זיכ ארײַנטראַכטנ אינ די סאַמע גרינטלעכע מאָמענטנ פונעמ לעבנ פונ די פאָלק־מאַסנ, דאַרפ מענ זיכ ארײַנטראַכטנ אינ דעמ, וויאַזוי עס האָבנ געלעבט די דאָזיקע פאָלקמאַסנ, א טראַכט טאָנ, וואָס דער זאַוואָד גיט דעמ דאָזיקנ קאָלווירטניק נײַס אינ פאַרגלײַכ דערמיט, וואָס עס איז געווענ פריער, וואָס האָט ער אינ אימ ארויסגערופנ, אונ דערצו דאַרפנ מיר ניט האָבנ קײנ מיקראָסקאָפּ.

אונדזער ליטעראַטור האָט געפונענ איר אײגענעמ גרויסנ שעפערישנ וועג. דער דאָזיקער גרויסער שעפערישער וועג שטיצט זיכ אָפּ די בעסטע היסטאָרישע טראַדיציעס. דאָס, וואָס עס איז פאַראַנ דאָס בעסטע אינ דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט עמעסדיק דאָס לעבנ, האָט אונדז געגעבנ דער רעאַליזמ.

די סאָוועטישע ליטעראַטור שטײט מיט בײדע פיס אופנ באָדנ פונ דער וועלטווירקלעכקײַט אינ איר גאַנצנ אומפאַנג: אי אופנ באָדנ פונ דער ווירקלעכקײַט פונעמ אומקומענדיקנ קאַפּיטאַליזמ אי אופנ באָדנ פונ דער ווירקלעכקײַט פונעמ אופקומענדיקנ סאָציאַליזמ, אונ דער מעטאָד פונ אונדזער שאַפונג דאַרפ באַשטײנ דערינ, אז מיר זאָלנ אויסקלײַבנ די שטיקער, וואָס זײַנענ אונדז אָנגענעמ — דאָס באַווײַזנ דעמ העלדישנ ארבעטער, באַווײַזנ דעמ שלעכטנ קאַפּיטאַליסט, נאָר מיר זאָלנ קענענ אָפּשפּיגלענ דעמ קאַמפּ פונעמ קאַפּיטאַליזמ, דער אומקומ פונעמ קאַפּיטאַליזמ אונ די געבורט פונעמ סאָציאַליזמ אינ אלע גרונט־ווידערשפּרוכנ. אונ דעמ דאָזיקנ רעאַליזמ רופנ מיר אַנ סאָציאַליסטישער, ווײַל ער איז ניט פאַשעט קײנ פאָטאָגראַפיע פונעמ לעבנ.

ער איז באזירט אפנ פארשטײנ, װוהינ ס'גײט די װעלט. די װעלט גײט צום זיג פונעם סאָציאַליזם, און בלױז דער קינסטלער, װאָס װעט פארשטײנ װוהינ עס גײט די װעלט, װעט קענענ אָפּשפּיגלענ אינ גרױסע געשטאלטנ די גרונטליניעס פונ דער דאָזיקער אנטװיקלונג.

שאפנדיק די סאָװעטישע ליטעראטור האָבנ מיר, פארשטײט זיכ, פיל געבלאָנדזשעט, פיל געמאטערט זיכ. אונדזערע שרײַבער זײַנענ ניט געבױרנ געװאָרנ קײנ פארטיקע, און אונדזער פארטײ האָט ניט געהאט אינ קעשענע קײנ פארטיקע קונסט־טעאָריע. בלױז די סאמע אופמערקזאמע באציִונג צו דער ירושע פונ מארקסנ, ענגעלסנ און לע־נינ אפנ געביט פונ דער ליטעראטור, דאָס סאמע אופמערקזאמע דורכטראכטנ די אנטװיקלונג פונ אונדזער קונסט, האָבנ געגעבנ די מעגלעכקײַט אונדזער פארטײ, דער אָנפירונג פונ אונדזער ליטעראטור אָנצוטאפנ דעמ גרױסנ װעג. און װענ מיר האָבנ ארױסגערוקט דעמ לאָזונג פונ סאָציאַליסטישנ רעאליזם, האָט אים די סאָװעטישע ליטע־ראטור אופגענומענ מיטאמאָל טאקע דערפאר, װײַל ער האָט אָנגע־טאפט דעמ װעג ריכטיק.

אונדזער ליטעראטור איז שױנ די ערשטע ליטעראטור פונ דע־װעלט, אױב אפילע אונדזער מײַסטערשאפט שטײט נאָכ אָפּ פונ דער מײַרעװ־ליטעראטור. אָבער מיר זײַנענ די אײנציקע ליטעראטור, װאָס גיבנ דעמ ריכטיקנ ענטפער די פאָלקמאסנ פונ דער גאנצער װעלט אפ די װיכטיקסטע פראגנ פאר זײ, זי גיט זײ א ריכטיקע געשטאלט פונ דעמ אומקומענדיקנ קאפּיטאליזם און פונעם אופקומענדיקנ סאָציאַ־ליזם.

װענ איכ האָב איבערגעלײענט אינ די „נײַע דײַטשע בלעטער" דעמ ענטפער פונ די ארבעטער, װאָס זײַנענ אנטלאָפנ פונ א דײַטשישנ קאָנ־צענטראציע־לאגער, אפ דער פראגע, װאָס האָבנ זײ געלײענט אינעמ לאגער; װענ איכ האָב זיכ דערװוּסט, אז זײ האָבנ אינעמ קאָנצלאגער, װענ די פאשיסטישע שטורמאָװיקעס האָבנ זײ געשלאָגנ, געפונענ קױ־כעס צו לײענענ פאנפיאָראָװס „ברוסקי", האָב איכ געפילט א שטאָלצ פאר אונדזער ליטעראטור.

אָבער מיר זײַנענ ניט קײנ בארימערס, אי לענינ, אי דער בעס־טער שילער לענינס כאװער סטאלינ האָבנ שטענדיק אונדז גע־לערנט: בארימט זיכ ניט, נעמט זיכ ניט איבער.

אויב מיר לויבן אונדזער ליטעראַטור אַלס די ערשטע, אָנערקענען מיר אין דער זעלבער צײַט, אַז אונדזערע ליטעראַרישע דערפֿאָלגן זײַנען ניט בלויז דער פֿאַרדינסט פֿון דער ליטעראַטור גופֿא, נאָר אין דער ערשטער רײ אַ רעזולטאַט דערפֿון, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט דעם פֿונדאַמענט פֿונעם סאָציאַליזם. און מיר ווילן, אַז אונדזערע אויסלענדישע כאַוויירים זאָלן אונדז נאָכטאָן. מיר וועלן זײַן גליקלעך, ווען מיר וועלן קענען זאָגן, אַז די דײַטשישע, יאַפּאַנישע, פּוילישע, פֿראַנצויזישע פֿאָלקמאַסן האָבן געשאַפֿן אַ בעסערע ליטעראַטור, ווי אונדזערע, ווײַל אַזאַ ליטעראַטור קאָן אַנטשטיין בלויז דאַן, ווען זיי וועלן זיגן, ווען זיי וועלן בויען דעם סאָציאַליזם.

מיר האַרפֿן זאָגן צו אונדזערע שרײַבער: לערנט זיך בײַ די בעסטע מײַסטערס פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור אין אויסלאַנד, העלפֿט זיי שאַפֿן אַ בילד פֿון אונדזער לאַנד, און איבערצײַגערישע פֿאַר די אויסלענדישע אַרבעטער, און צו אונדזערע אויסלענדישע כאַוויירים זאָגן מיר: אונטער דער פֿאָן פֿונעם קעמפֿנדיקן פּראָלעטאַריאַט, אינעם קאַמף פֿאַר דעם, פֿאַרוואָס עס האָבן געקעמפֿט די סאָוועטישע אַרבעטער, אינעם קאַמף פֿאַר דעם, פֿאַרוואָס עס זײַנען אומגעקומען די בעסטע מענטשן פֿונעם אַרבעטערקלאַס אויף גאָר דער וועלט, וועט איר שאַפֿן אַ גרויסע ליטעראַטור.

מיר וועלן זיך לערנען בײַ דער רעוואָלוציאָנערער וועלט-ליטעראַטור, מיר וועלן זיך לערנען בײַ איר מײַסטערשאַפֿט און דאָס פֿאַרשטיין די אַלע אינטימסטע פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום אין אַנדערע לענדער. אונדזערע אַרבעטער גאַרן צו זען ניט בלויז די געשטאַלטן פֿון די קאָלווירטניקעס און שלאָגלער, נאָר אויך די געשטאַלט פֿונעם אַרבעטער, וואָס ניט געקוקט אויף די רעציכעס פֿונעם פֿאַשיסטישן הענקער, שמידט ער אין דער דײַטשישער אונטערערד די צוקונפֿט פֿונעם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט; זען די געשטאַלט פֿונעם כינעזישן קולי, וואָס איז נעכטן געווען אַ בעהיימע בײַ די ווײַסע אין די אויגן, און הײַנט גייט ער אַ באָרוועסער איבער גאַנץ כינע מיט געווער, וואָס ער האָט פֿאַרכאַפּט באַם סוינע, און פֿאַראייניקט דאָס פֿאָלק, קעדיי צו פֿירן אים צום סאָציאַליזם.

פֿון אײַך, אויסלענדישע כאַוויירים, וואַרטן מיר, אַז איר זאָלט

אונדז העלפנ צו באווײַזנ מיט וואָס עס לעבט, מיט וואָס עס אָטעמט דער פראנצויזישער, ענגלישער ארבעטער, וואָס מיר האלטנ אימ פאר אונדזערנ א ברודער, נאָר וואָס מיר זעענ אימ אזוי ווי דורכ א נעפל.

אי פאר אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור, אי פאר דער ליטעראטור פונ די רעוואָלוציאָנערע קינסטלער פונ מײַרעוו, איז פאראנ א קאלאָסאל טעטיקײַט־פעלד. מע דארפ בלויז האָבנ דרײַסטקײַט, מע דארפ בלויז גלויבנ. ניינ, מיר וועלנ די שעקספירס ניט דערשטיקנ, מיר וועלנ זיי אויסהאָדעווענ. מיר וועלנ שאפנ א ליטעראטור א העכערע ווי די רענעסאנס ליטעראטור, ווײַל זי האָט געשעפט אירע געשטאלטנ אינעמ שקלאפנבאזיצערישנ גריכנלאנד, אינעמ שקלאפנבאזיצערישנ רוימ, אונ האָט אויסגעדריקט די אינטערעסנ פונעמ אופקומענדיקנ קאפיטאליזמ, אונדזערע אָבער איז אנ אָפשפיגלונג פונ די אידייענ פונ דער נײַער, סאָציאליסטישער געזעלשאפט.

די דאָזיקע ליטעראטור, וואָס מיר מיט אײַכ שאפנ, וועט זײַנ א גרויסע ליטעראטור פונ ליבע צו אלע אונטערדריקטע, פונ האס צומ עקספלואטאטארישנ קלאס, פונעמ אנטשיידענעמ קאמפ קעגנ אימ ניט אפ לעבנ, נאָר אפ טויט, פונ ליבע צו דער פרוי, וואָס מיר וועלנ מאכנ פאר א כאווער, פונ ליבע צו יענע קאָלירטע ראסנ, וואָס זײַנענ געווענ די אָפטריניקע פונ דער מענטשהײַט.

אינ דער דאָזיקער ליטעראטור וועלנ מיר ארײַנלייגנ דעמ פראָלעטאריאטס נעשאָמע, זײַנ ליידנשאפט, זײַנ ליבע, אונ דאָס וועט זײַנ א ליטעראטור פונ גרויסע בילדער, פונ גרויסע טרייסטנ, דאָס וועט זײַנ א ליטעראטור פונעמ קאמפ פארנ סאָציאליזמ, א ליטעראטור פונעמ זיג פונעמ אינטערנאציאָנאלנ סאָציאליזמ. (אפלאָדיסמענטנ).

# שלוסוואָרט

כאַווייריִמ, פֿונעמ שטאַנדפּונקט פֿונ די טראַדיציעס, וואָס הערשנ אַפֿ בורזשואַזע צוזאַמענפֿאָרנ, וואָלט איכ געמוזט דערקלערנ, אַז איכ געפֿינ זיכ אינ זייער אַ שווערער לאַגע, ווײַל אַלס פֿאָרטרעגער בינ איכ באַשאַפֿנ געוואָרנ פֿונ אַ רײַ כאַווייריִמ, וואָס זײַנענ אונדזערע געסט.

אָבער אונדזערע געסט — דאָס זײַנענ, פֿונ איינ זײַט, אַנ אָטריאַד פּראָלעטאַרישע שרײַבער פֿונ מײַרעוו, וואָס זײַנענ ניט קיינ געסט אינ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אונ אינ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די איבעריקע אונדזערע געסט — דאָס זײַנענ שרײַבער, וואָס זײַנענ ניט קיינ מיטגלידער פֿונ אונדזער פּאַרטיי, נאָר וואָס גייענ צומ פּראָלעטאַריאַט. איכ האַלט, אַז בענעגייע אַזעלכע געסט באַשטייט די ערשטע אויפֿגאַבע אינ אַבסאָלוטער אָפֿריכטיקײַט.

די דיסקוסיע, וואָס האָט זיכ צעפֿלאַקערט אַרומ מײַנ פֿאָרטראַג, האָט געבראַכט אַ גרויסע נוצ. איכ מוז זאָגנ, אַז זי האָט מיר באַוויזנ אַ סאַכ אַזויִנס, וואָס איכ האָב ניט געוווּסט, ווענ איכ האָב געמאַכט מײַנ פֿאָרטראַג. זי האָט מיכ אויסגעלערנט עטוואָס, האַגאַמ ניט דאָס, וואָס עס האָבנ מיר געוואָלט אײַנרײדנ אייניקע פֿונ די, וואָס זײַנענ דאָ אַרויסגעטראָטנ. וועגנ דעמ וועל איכ רעדנ.

איכ וועל לאַנג ניט פֿאַרהאַלטנ זיכ אַפֿ דער פֿראַגע וועגנ דעמ „צעטל ווילטעטיקייט" פֿונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וועגנ דעמ צעטל פּראָלעטאַרישע שרײַבער.

וואָס איז די אויפֿגאַבע פֿונ אַ פֿאָרטרעגער אַפֿ אַ צוזאַמענפֿאָר? אַ פֿאָרטראַג איז ניט קיינ לערנבוכ וועגנ ליטעראַטור־געשיכטע. מײַנ אויפֿגאַבע איז ניט באַשטאַנענ אינ דעמ, אַז איכ זאָל אָנרופֿנ גוטע אונ שלעכטע שרײַבער, אַז איכ זאָל איבערעכענענ זייערע ווערק. די אויפֿגאַבע איז באַשטאַנענ אינ אַוועקשטעלנ פּראָבלעמענ, וואָס זײַנענ אַרויסגערוקט פֿאַר דער ליטעראַטור דורכ דער היסטאָרישער סיטואַציע. נעמענ פֿלעג איכ דערמאָנענ נאָר אַפֿ

אזויפיל, אפ וויפל דער געגעבענער שרייבער פלעגט ארייַנפאלנ אינ צענטער פונ דער דאָזיקער פראָבלעמ. נאָכ מער, א פאָרטרעגער בא אונדז אפ א צוזאמענפאָר דרייקט אויס די רעזולטאטנ פונ קאָלעקטיווער ארבעט פונעמ געראנק. דער קאָלעקטיוו קאָנ זייער לייכט איינשטעלנ די אלגעמיינע ליניע פונ לייזנ א פראָבלעמ, אָבער עס איז ניט אָבליגאטאָריש, אז ער זאָל מאסקימ זיינ מיט דער אָפשאצונג פונ יעדנ שרייבער. אָט, צומ ביישפיל, לאָמיר נעמענ דעמ כאווער ב ע ל א א י־ ל י ע ש. ער איז בעפיירעש א פראָלעטארישער שרייבער. מיר האָבנ פארשפרייט אינ הונדערטער טויזנטער עקזעמפליארנ זיינ ראָמאנ „טיסע ברענט", אָבער ניט דערפאר, וואָס דאָס איז א פארפולקומטער בוכ, ניינ, דאָס איז א בוכ פונ א שרייבער אונ אָנפאנגער, — נאָר דערפאר, וואָס אינ דעמ דאָזיקנ בוכ געפינענ מיר די אָפשפיגלונג פונ דער אונגארישער רעוואָליוציע, וואָס איר געשטאלט איז פאר אונדז טייער, כאָטש דאָס בילד האָט איליעש געשילדערט שוואכ.

דער אָרגקאָמיטעט דארפ ניט זיינ פאראנטוואָרטלעכ, לאָמיר זאָגנ, פאר מיינע אורטיילנ וועגנ די ליטעראַרישע מיילעס פונ איליעשעס בוכ, אָדער פונ די ביכער פונ אנדערע אויטערס. דעריבער האָב איכ זיי ניט ארויסגעזאָגט אינעמ פאָרטראג.

צווייטנס — איכ מיינ, אז איר האָט מיכ ווייניקער געזידלט דערפאר, וואָס איכ האָב ניט אָנגערופנ קיינ שרייבער, ווי איר וואָלט געזידלט, ווענ איכ וואָלט געגעבנ א כאראקטעריסטיק פונ די שרייבער (אפלאָדיסמענטנ).

פארשטייט זיכ, אז דאָ האנדלט זיכ ניט וועגנ דעמ, צי האָב איכ אָנגערופנ נעמענ פונ שרייבער, אָדער ניט. איכ קענ זיי ניט ערגער, ווי יענע כאוויירימ, וואָס האָבנ אָנגערופנ זייערע נעמענ. עס גייט אינ דעמ, וואָס דאָ האָבנ זיכ ארויסגעזאָגט וועגנ זייער וועזנטלעכע פראגנ פאָרשטייער פונ פארשיידענע גרופעס, אונ וועגנ זייערע ארויסזאָגונגענ דארפ מענ זאָגנ מיט פולער אידייִשער קלאָרקייט.

איכ האָב געפרווט געבנ א בילד פונ די פארהעלטענישנ פונ דער וועלט־ליטעראטור צו די גרעסטע היסטאָרישע געשעענישנ, וועלכע באַשטימענ די וויטערדיקע אנטוויקלונג פונ דער מענטשהייט: די באַציִונג צו מילכאָמע, די באַציִונג צו דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, די באַציִונג צומ פאשיזמ, איכ האָב אויכ געפרווט כאראקטעריזירנ די שפאלטונג אינ דער בורזשואזער ליטעראטור אונ די געבורט פונ דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור.

צי זײַנענ דאָ געווענ אַרויסגעזאָגט װעלכע עס איז פאָרוואָרפנ וועגנ די דאָזיקע גרונט־האַנאָכעס, וואָס איכ האָב פאַנאַנדערגעוויקלט אינעמ פאָרטראָג? ניינ, קיינע פרינציפּיעלע פאָרוואָרפנ איז אינ דעמ געביט ניט געמאַכט געוואָרנ. אינ וואָס־זשע זײַנענ די בלוקעדייעס? אונ די בלוקערייעס זײַנענ אינ די אויספירנ, וואָס אייניקע כאַווײרימ האָבנ געמאַכט (זייערע פאָזיציעס זײַנענ געווענ זייער ווידערשפּרעכ־לעכע) פונ די דאָזיקע האַנאָכעס.

לאָמיר זאָגנ קאָנקרעט, מיר האָבנ דאָ געהערט דערווידערונ־גענ פונ צוויי זײַטנ. מיר האָבנ געהערט דערווידערונגענ פונ אַ טייל פּראָלעטאַרישע שרײַבער, וואָס האָבנ געזאָגט: „עס איז ניט צו־פעליק, וואָס איר האָט ניט איבערגערעכנט אַלע פּראָלעטאַרישע שרײַ־בער, איר דערשאַצט זיי ניט. מיר זײַנענ שוינ אַ גרויסע קראַפט. מיר זײַנענ שוינ אַ גרויסע פּראָלעטאַרישע וועלט־ליטעראַטור“. אַנדערע דערווידערונגענ, אָבער אינ זייער אַ פרײַנטלעכער פאָרמ, זײַנענ געקומענ פונ די שרײַבער, וואָס גייענ צו אונדז, זיי האָבנ גערעדט אַנערעכ אַזוי: „מיר גייענ צו אײַכ, אָט זײַנענ אונדזערע אָנשווינגענ, נאָר, זײַט פרײַנטלעכ, נעמט אונדז אַזעלכע, ווי מיר זײַנענ, שקראַבעט אונדז ניט אונ טשעפּעט זיכ ניט צו אונדז“.

די דאָזיקע אַרויסטרעטונגענ פונ ביידע זײַטנ האָבנ אָפגעדעקט עט־וואָס זייער וועזנטלעכעס, וועגנ וואָס מע דאַרפ ריידנ.

## די ראָליע אונ דער צושטאנד פונ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אינ אויסלאנד

איכ וועל אָנהייבנ פונ דער פראַגע וועגנ דער פּראָלעטאַרישער לי־טעראַטור. פריער פאַר אַלצ מוז איכ באַשטימענ אונדזער קוק אָפ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. צי איז אונדזער שטעלונג אָפ צו שאַפנ אייגענע ליטעראַרישע קאַדרענ, קאַדרענ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער ליטעראַ־טור? דאָס איז אַ גרונט־שטעלונג. די סאָוועטישע ליטעראַטור שפּיגלט אָפ די וועלט־אָנשויונג פונעמ אינטערנאַציאָנאַלנ קאָמוניזמ אונ זײַנע צילנ. דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניזמ — איז אַ קעמפנדיקע אַרמיי. וויזשע קענענ מענטשנ, וואָס ווילנ קעמפנ, ניט וועלנ שאַפנ אינ אַזאַ וויכטיקנ געביט, ווי די ליטעראַטור, זייערע אייגענע קאַדרענ, וואָס זײַנענ מיט לײַב אונ לעבנ פאַרבונדנ מיטנ אַרבעטער־קלאַס? דער־

לאָזנ אַנ אַנדער שטאַנדפונקט באַטײַט — דערלאָזנ דעמ געדאַנק אַז מיר ווילנ ניט זיגנ בִכלאַל אפנ געביט פונ דער אידעאָלאָגיע. פאַר־שטייט זיך, אַז עס וואָלט געווענ אַ פולשטענדיקער נאָנסענס צו דער־לאָזנ עטוואָס אַזוינס.

מיר באַציִענ זיך צו דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אינ וואָס פאַר אַ צושטאַנד זי זאָל זיך ניט געפינענ אינ אַ באַשטימטנ לאַנד, מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקײַט אונ מיט דער גרעסטער ליבע

ברעדעל האָט מיר געגעבנ דעמ בוך „אַ שטימ פונ דײַטשלאַנד“, וואָס איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ דאָ אינ מאָסקווע אינעמ פאַרלאַג פונ די אויסלענדישע אַרבעטער, אַ קלײנע זאַמלונג פונ לידער אונ נאָוועלנ, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ געוואָרנ, ווי ער האָט געזאָגט, פונ אונטערערדי־שע טוער אינ דײַטשלאַנד. פריער פאַר אַלצ, זײַנענ דאָרט לידער אונ נאָוועלנ פונ ניט אונטערערדישע טוער — ברעדעל האָט אַ ביסל צו־געפוצט. אַזוי צי אַזוי, די דאָזיקע זאַמלונג האָב איך טייקעפ איבער־געלייענט, — זי איז צומ ערשטנ מאָל אַרײַנגעפאַלנ צו מיר אינ די הענט, — מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקײַט. דאָס זײַנענ גאַנצ שוואַכע נאָוועלנ. אָבער מיר באַציִענ זיך צו זיי ניט גאָר פונ ליטעראַ־רישנ שטאַנדפונקט. מיר זעענ הינטער זיי די אַרבעטער אונטערערדי־שע טוער, וואָס אינעמ שווערנ קאַמפ פאַרנ זיג פונעמ אַרבעטער־קלאַס, אונטערנ יאָך פונעמ פאַשיזמ זוכנ זיי ווענ, וועלכע זאָלנ זיי פאַרלײַכטערנ דעמ הערצלעכנ שמועס מיט אַנדערע אַרבעטער, מיט די נאָך ניט קעמפנדיקע. די דאָזיקע קאַמפ־רעליקוויעס שטייענ בײַ אונדז אפ גאָר אַ באַזונדערנ כעזשבנ. פאַרשטייט זיך, אַז פרוסט איז אַ גרעסערער קינסטלער, ער קענ בעסער שרײַבנ, ווי די אַרבעטער פונ דער אונטערערד, אָבער צו וואָס טויגנ אונדז די בילדער פונ די סאַלאָנענ־העלדנ, ווענ זיי זײַנענ אַפילע געשילדערט מיט דער האַנט פונ אַ קינסטלער? זיי רעגנ אונדז ווייניקער, ווי די בילדער פונעמ קאַמפ פאַר אונדזער זאַך, ווענ זיי זײַנענ אַפילע איבערגעגעבנ געוואָרנ פונ אָנפאַנגערישע פראָלעטאַרישע שרײַבער. דעריבער גיבנ מיר אָפט אַרויס ביכער, וואָס זײַנענ ווײַט ניט קיינ פולקומע.

די פראָלעטאַרישע ליטעראַטור האָבנ מיר ליב אַלס אָנהייב פונ דער גרויסער ליטעראַטור, וואָס דער פראָלעטאַריאַט וועט שאַפנ. אָבער מיר וואָלטנ געווענ זייער שלעכטע קעמפער פונעמ פראָלעטאַריאַט אונ פרײַנט פונ דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווענ מיר וואָלטנ אפנ גע־ביט פונ דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור געגאַנגענ נאָכנ רופ פונ יע־

נע, וואָס ווילן דעם קינדערשן, יונגטלעכן פעריאָד, דערקלערן פאר דעם רייפן פעריאָד פון דער דאָזיקער ליטעראטור.

איך האָב געזאָגט, אז די פראָלעטארישע ליטעראטור פון מיזרעך מאכט די ע ר ש ט ע ש ר י ט. דער סעקרעטאר פונעם צ ק פון אונדזער פארטיי כ' ז ש ד א נ אָ וו האָט געזאָגט, אז די כאווייירים, וואָס געפינען זיך דא, שטעלן מיט זיך פאר דעם יאָדער פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. פארוואָס זיינען מיר אזוי קארג אפ לויבגעזאנגען? דערפאר, ווייל ל ע נ י נ און ס ט א ל י נ האָבן אונדז געלערנט, וואָס פאר א געפאר עס שטעלט פאר די קאָמגייווע. קאָמגייווע איז געפערלעך פון צוויי שטאנדפונקטן: ערשטנס, דער, וואָס הייבט זיך אָן גלעטן איבערן בייכל און זאָגן „אָט וואָס פאר א גוטער איך בין", דער הערט אוף צו לערנען זיך, און מיר אלע, סיי די סאָוועטישע ליטעראטור, און סיי די אינטערנאציאָנאלע ליטעראטור, דארפן זיך לערנען טאָג און נאכט, ווייל בא אונדז איז נאָך ניטאָ קיין ווערק פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור, וואָס מען וואָלט געקאָנט וואָרפן אין מיליאָנען עקזעמפליארן און דער ארבעטער-מאסע און זאָגן צו זיי: „אָט דאָס איז דער עמעסער בוך וועגן מילכאָמע, וועגן פאשיזם, וועגן דער רוסישער רעוואָליוציע".

ניט לאנג איז באצייכנט געוואָרן דער 20-טער יאָרטאָג פון דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. זאָגן די פאָלקסמאסן, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די דאָזיקע מילכאָמע, — איז די גרעסטע אופגאבע. מיר האָבן אסאך ווערק פון פראָלעטארישע שרייבער וועגן דער מילכאָמע, און מיר מוזן זיי פארשפרייטן. אָבער ווער קאָן, ארופלייגנדיק די האנט אפן הארצן, זאָגן, אז בא אונדז איז פאראן אזא בוך, וואָס מיר וואָלטן געקאָנט פארשפרייטן אין מיליאָנען עקזעמפליארן, און וואָס וואָלט אָנגעצונדן די הערצער ניט נאָר פון אונדזערע כאווייירים, נאָר אויך פון די ברייטע פאָלקסמאסן מיט האס צו די אָרגאניזאטערס פון דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע? עס איז נאָך ניטאָ אזא גרויס ווערק אין דער פראָלעטארישער ליטעראטור.

מיר ווייסן, אז אין דייטשלאנד, אין איטאליע געפינט זיך בא דער מאכט דער פאשיזם. אָנדערהאלבן יאָר ראָט אויס דער דייטשישער פאשיזם מיט פייער און שווערד די בעסטע זין פונעם דייטשישן פראָלעטאריאט. און איך פרעג — וואָס-זשע, טייערע כאווייירים, פראָלעטארישע שרייבער פון דייטשלאנד, קאָנט איר מיר רעקאָמענדירן פאר א בוך וועגן דעם געגנעם, אין וועלכן עס לעבט דער דייטשישער פראָ-

לעטאַריאַט, וועגן די אַלע אומגעהערטע פאַרברעכנס פונעם דײַטשישן פאַשיזם, — אַ בוך, וואָס מיר וואָלטן געקאָנט דאָ, אין פּסטר, פאַר־שפּרייטן אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן? בײַ אײַך איז פאַראַן אַ ליטע־ראַטור, וואָס הייבט אָן שילדערן דאָס דאָזיקע בילד, אָבער קיין מייס־טער־ווערק איז נאָך ניטאָ. אָבער ניט זאָגן דאָס און ניט וויסן דאָס — באַטײַט פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער ליטעראַטור (אַפּלאָדיסמענטן).

כאַווייריִם, אונדז האָט וולאַדימיר איליִטש. און זײַן בעס־טער שילער כאַווער סטאַלין געלערנט צו זײַן אופריכטיק בענעגייע צו זיך, און אײַך האַלטן מיר פאַר אַ טייל פון אונדז גופע. איז ווען מיר רעדן מיט אײַך וועגן ליטעראַטור, קאָנען מיר ניט זאָגן, — אונדז וואָלט געווען זייער אָנגענעם צו זאָגן דאָס, — אַז די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור בליט אין דער גאַנצער וועלט. מיר מוזן זאָגן — ניין, זי מאַכט ערשט די ערשטע שריט, און ווער עס וועט דאָס ניט זאָגן, יענער אַרבעט ניט פאַרן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

און וואָס וואָלט געקאָנט זײַן אַ ניט דערשאַצונג פון דער פּראָלע־טאַרישער ליטעראַטור? ווען מיר וואָלטן, ערשטנס, ניט געוואָלט שאַפן דעם דאָזיקן מעכטיקן הייבער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָ־לעטאַרישער באַוועגונג, און, צווייטנס, ווען מיר וואָלטן געהאַלטן, אַז ער קאָן געשאַפן ווערן בלויז נאָכן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָ־לוציע. מיר קעמפן פּרינציפּיעל פאַר דער שאַפונג פון אַ פּראָלעטאַרי־שער ליטעראַטור אין אַלע לענדער, און מיר קאָנען זאָגן, אַז בײַ אונדז זײַנען פאַראַן באַדײַטנדיקע ניצכוינעס אויף דעם דאָזיקן געביט.

אויב איר וועט בײַ מיר פרעגן, וואָס האַלט איך פאַר דאָס בעסטע אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור ניט אין ראַטנפאַרבאַנד, וועל איך זאָגן אָפן: אַ גאַנצע ריי ווערק פון די יאַפּאַנישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער (אַפּלאָדיסמענטן). נעמט קאָבאַיאַסי, בײַ אים איז פאַ־ראַן אַ קליינע דערציילונג וועגן די אַרעסטן אין 1928 יאָר. איך האָב געזען, ווי עס האָבן געלייענט די דאָזיקע דערציילונג אונדזערע אַר־בעטער! ווען איר נעמט די „קאָנסערוון־פאַבריק" פון דעם זעלבן קאָ־באַיאַסי, האָט דאָס דאָזיקע ווערק מיר, אַ מענטשן, וואָס שפּירט נאָך דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, דערציילט וועגן דעם צושטאַנד פונעם יאַפּאַנישן פּראָלעטאַריאַט מער, ווי די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, ווײַל דער דאָזיקער בוך האָט באַוויזן, ווי די זעלבע אַר־בעטער, וואָס האָבן נעכטן געוואַרט אויפן אָנקום פון אַ קריגס־שיף, אַלס

אַף אַן אויסלייזער פֿון דער עקספּלואַטאַציע, וואָס האָבן געגלייבט, אַז דער יאַפּאַנישער פּלאַט איז זייער שוץ, האָבן אַף מאָרגן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַן אילוזיע. דאָס באַטײַט, אַז אין יאַפּאַניע שטייט שוין די פֿראַגע וועגן אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, ניט געקוקט דערויף, וואָס די אָפּגעשטאַנענע מאַסן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט געפֿינען זיך נאָך אין געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון מאָנאַרכיסטישע אידייען.

אָבער וואָס געוויסנהאַפֿטער מיר באַציִען זיך צו דער דאָזיקער ליטעראַטור, וואָס מער מיר פֿרייען זיך מיט אירע ניצכוינעס, אַלץ פֿעסטער דאַרפֿן מיר זאָגן: „כאַווײרים, באַרויִקט זיך ניט מיט די ניצכוינעס. זעצט זיך בעסער צו דער אַרבעט, און צוזאַמען מיט אונדז, וואָס האָבן נאָך אויך ניט באַשאַפֿן קיין מאַגניטבויען פֿון דער ליטעראַטור, לאָמיר גיין צוזאַמען פֿאָרויס".

קאָמאַנעווע אין די דאָזיקע פֿראַגן האָט נאָך איין ניט ווייניקער געפֿערלעכע זײַט. די דאָזיקע געפֿאַר באַשטייט אין פֿאָלגנדיקעס: „אויב איך בין אַזוי שטאַרק, אויב באַ מיר איז אַלץ גוט, איז צו וואָס דאַרף איך פֿאַרבינדעטע. צו וואָס זאָל איך זוכן פֿאַרבינדעטע?". און, כאַווײרים, ווען איך האָב געהערט אילעשס רעדע, האָב איך געהערט אָפּקלאַנגען פֿון די ראַפּפּישע אָפּשאַצונגען און ראַפּפּישע מעטאָדן. מיר זײַנען זיי געוווער באַ זיך, און עס איז ניטאָ וואָס צו עקספּאָרטירן זיי.

## די שפּאַלטונג אין דער וועלט־ליטעראַטור

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די זעלבע כאַווײרים, וואָס האָבן דאָ אַנטוויקלט די דאָזיקע טענדענצן, געוואָלט „קיילען" באַרביוסן, אים האָט מען אַפֿילע ניט אָנערקענט פֿאַר אונדזערן אַ כאַווער אין קאַמף. איצט זײַנען די דאָזיקע מעטאָדן אומדערלאָזבאַר, מע דאַרף זין פֿרוון דערגרייכן דעם זעלבן ציל אַף אַן אַנדער אויפֿן. אויב מע זאָל איבערשאַצן די אַנטוויקלונג־שטופֿע פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור וועט אויסקומען צו מאַכן דעם אויספֿיר: איך בין אַזוי שטאַרק, אַז איך דאַרף ניט קיין פֿאַרבינדעטע.

איך זאָג ניט, אַז עפּעס אַזעלכעס איז דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן פֿולשטענדיק. איך בין איבערצײַגט, אַז אַזאַ גוטער דײַטשישער אַר־

בעטער, ווי דער קאָמוניסט ברעדעל, וואָס ווייסט, ווי אונדזער פּאַרטיי
אינ דײַטשלאַנד דאַרפ האָבנ פאַרבינדעטע, וועט אַפּוואַרפנ די דאָזי־
קע אידיי. אָבער וויכטיק איז ניט נאָר דאָס, וואָס א מענטש וועט
דערטראַכטנ ביזנ סאָפ. א גרויסער טייל מענטשנ אינ לעבנ דער־
טראַכט ניט ביזנ סאָפ. ווענ איכ האָב זיכ אַרײַנגעטאָנ אינעם טראָצ־
קיזם, האָב איכ ניט געוווּסט, אַז איכ וועל זיכ שטעלנ אָפּ יע־
נער זײַט באַריקאַדעס נאָכ 25 יאָר אָנטייל נעמענ אינ דער אַרבעטער־
באַוועגונג. און נאָכ מער דאַרפ מענ האַרציק, פרײַנטלעכ זאָגנ די כאַ־
ווײרים, וואָס האָבנ ניט בײַגעקומענ די האַפּישע טענדענצנ: כעוו־
רע, זעט, דאָס איז געפערלעכ פאַר דער ליטעראַטור און דאָס איז גע־
פערלעכ פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אינ
דײַטשלאַנד (אַפּלאָדיסמענטנ).

לאָמיר זיכ צוקוקנ צו דער צווייטער זײַט פונעם מעדאַל.

די ליטעראַטור צעשפּאַלט זיכ אָפּ אינ אָפּענער פאַשיסטישער ליטע־
ראַטור און אָפּ א ליטעראַטור, וואָס פּרוּווט זיכ צו פאַרטיידיקנ די בור־
זשואַזע דעמאָקראַטיע, נאָר וואָס סטיכיש פירעט זי צומ פאַשיזם,
און אינ דער זעלבער צײַט גייט אָפּנ אַריבער א טייל בורזשואַזע שרײַ־
בער אָפּ אונדזער זײַט. צווישנ די לעצטע זײַנענ פאַראַנ פאַרשיידענע
גרופּעס: איינע גייענ צו אונדז, פאַרהאַלטנדיק זיכ אָפּ 10 טריט פונ
אונדז, אַנדערע פאַרהאַלטנ זיכ אָפּ 10 וויאָרסט, אָבער זיי זײַנענ שוינ
אַוועק אָפּ 10 וויאָרסט פונ דער בורזשואַזער, פאַשיסטישער וועלט־
ליטעראַטור.

כאַווײרים, וואָס פאַר א באַדײַטונג האָט די דאָזיקע
שפּאַלטונג? איר באַדײַטונג איז א קאָלאָסאַלע,
ערשטנס, דערפאַר, וואָס די דאָזיקע שפּאַלטונג שפּיגלט אָפּ טיפע
סאָציאַלע פּראָצעסנ. וואָס שפּיגלט זי אָפּ? לאָמיר נעמענ א
טיפּיש ווערק פונ דער צעפאַלונג־ליטעראַטור — סעלינס בוכ.
סעלינ קאָנ מאָרגנ זײַנ א פאַשיסט. אינ סעלינס בוכ זײַנענ פאַראַנ
עלעמענטנ, וואָס גיבנ די מעגלעכקײַט מוירע צו האָבנ דערפאַר. אָבער
הײַנט שפּיגלט סעלינ אָפּ די פאַרצווייפלונג פונ דעמ טייל
קליינבירגערלעכער אינטעליגענצ, וואָס זעט ניט
קיינ אַנדער אויסוועג פונ דעמ קריזיס און האָט זיכ
טיפ אַנטוישט אינעם קאַפּיטאַליזמ. דאָס איז זייער א
וויכטיקע דערשײַנונג פאַר אונדז. די צעפאַלונג־ליטעראַטור, איז ניט
אונדזער ליטעראַטור, אָבער עס איז זייער גוט, ווענ דער סוינע

צעפאלט זיכ, ווענ א טייל פונעם קליינבירגערטום הערט אופ צו גלייבנ אינ דער אנפירונג פונ דער בורזשואזיע, ווענ די קליינבירגערלעכע מאסנ זעענ פאר זיכ א פינצטערע נאכט. קאנ דאס ברענגענ דערצו, אז זיי וועלנ זוכנ אנ אויסוועג פונ דער לאגע צוזאמענ מיט אונדז, אדער, פארקערט, אז זיי, אנטוישטע אינעם קאפיטאליזם, וועלנ ניט קעמפנ מיט שוים אפ די ליפנ פאר דער האזיקער ארדענונג.

ס'איז פאראנ א ליטעראטור, וואס דעמאסקירט ניט דעם גאנצנ קאפיטאליזם, נאר זײַנע געוויסע פארמענ. נעמט פ ו י כ ט װ א נ ג ע ר ס בוכ „פאמיליע אפענהיימ" קעגנ דעמ פאשיזמ, נעמט ה ע נ ר י כ מ א נ ס פאמפלעט „האס" — דאס זײַנענ ניט קיינ אנטיקאפיטאליסטישע ווערק, אבער דאס זײַנענ אנטיפאשיסטישע ווערק. דער קינסטלער האט ניט מוירע פאר דער פראלעטארישער רעוואליוציע, אבער ער האסט דעמ פאשיזמ. אזא ליטעראטור האט די גרעסטע באדײַטונג.

איכ האב זייער ליב אונ שעצ מײַנע פארטיי־כאווײרים — ב ר ע ד ע ל אונ אנדערע, אבער זיי אליינ ווייסנ, אז דערווײַל וועט מענ הענריכ מאנ לייענענ מער, ווי זיי. ער האט מוירע פאר רעוואליוציע, אבער ער פילט א האס צום פאשיזמ. יענע, אינ וועמעס געשאמע ער וועט פארזייענ א האס צום פאשיזמ, וועלנ גייג, עפשער, ווײַטער פונ אימ אונ וועלנ ניט מוירע האבנ פאר רעוואליוציע.

פליוויע האט דא דערציילט, אז ער האט, זייענדיק א מאטראס, איבערגעלייענט ל ע א נ א ר ד פ ר א נ ק ס בוכ „דער מענטש איז גוט" אונ דער דאזיקער בוכ האט אפ אימ געווירקט רעוואליוציאניזירנדיק. דאס איז א קליינבירגערלעכער בוכ, אבער ער איז געווענ א פראטעסט־אויסדרוק קעגנ דער מילכאמע. דער מאטראס פליוויע איז אונטער זײַנ ווירקונג אוועק צו דער רעוואליוציע, אונ פראנק צום פיליסטערישנ לעבנ. אבער פראנק האט געהאלפנ דעמ מאטראס פליוויע צו ווערנ א רעוואליוציאנערער שרײַבער.

די ליטעראטור, נאכ א פײַנטלעכע דער רעוואליוציע, אבער שוינ א פײַנטלעכע דעמ פאשיזמ, האט פאר אונדז א גרויסע באדײַטונג.

ניטא וואס צו ריידנ וועגנ דעמ, וואס פארא באדײַטונג עס האט פאר אונדז, ווענ די קאריפייענ פונ דער וועלט־ליטעראטור — א נ ד ר ע ז ש י ד אונ ר א מ ע נ ר א ל א נ, וואס זײַנענ באוווסט דער גאנצער וועלט, ווענ ד ר ײ ז ע ר, וואס איז אויסערגעוויינלעכ פאפוליער אינ אמעריקע, — שטייענ אופ אונ זאגנ: „דער איינציקער וועג, מיט וועלכנ

די מענטשהייַט דאַרפ גיינ, איז דער וועג, וואָס עס ווייַזט אָנ דער ראַטנפאַרבאַנד", ווענ זיי זאָגנ, אַז דער קאַפּיטאַליזמ וועט אונטערגיינ, אונ דער סאָציאַליזמ וועט זיגנ.

כאַווײרימ, וואָס פאַר אַ ספּעציפישע אויפגאַבע שטעלט פאַר אונדז די שפּאַלטונג פונ דער בורזשואַזער ליטעראַטור? שטעלט זי דענ די פראַגע וועגנ שאַפנ אונדזערע אייגענע שרייַבערישע קאַדרענ? די דאָזיקע אויפגאַבע האָט עקזיסטירט נעכטנ, זי עקזיסטירט הייַנט אונ וועט עקזיסטירנ אויכ נאָכנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ. דאָס איז אונדזער שטענדיקע אויפגאַבע ביזנ ענדגילטיקנ זיג. ווער עס וועט פאַרגעסנ וועגנ זייַנע קאַדרענ אונ אַרמײ, יענער קענ זיכ מאַנעווירנ ווי ער וויל, אָבער ער וועט צעקלאַפּט ווערנ.

וואָס־זשע פאַר אַ נייַע אויפגאַבע שטייט פאַר אונדז? די נייַע אויפגאַבע באַשטייט דערינ, אַז מיר זאָלנ אונדזער סאָוועטישע ליטעראַטור אונ די אויסלענדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אַ קער טאָנ מיטנ פּנימ צו דער דאָזיקער שפּאַלטונג פונ דער בורזשואַזער ליטעראַטור אונ זאָגנ צו די פּראָלעטאַרישע שרייַבער: „טוט אַלצ, קעדיי צו געפינענ דאָרט פאַרבינדעטע". מע דאַרפ זאָגנ צו די פּראָלעטאַרישע שרייַבער: „צו אייַכ גייענ די וואָרטמייַסטערס, לערנט זיכ באַ זיי, קעדיי איר זאָלט אַלייַנ אייַנגיכנ ווערנ מייַסטערס".

אָט דאָס איז דאָס נייַעס, וועגנ וואָס איכ האָב, אַלס פאַרטרעטער, געהאַלטנ פאַר מייַנ פליכט דאָ צו זאָגנ. דערינ איז באַשטאַנענ מייַנ אויפגאַבע, אונ ניט דערינ, אַז מע זאָל זינגענ האַלעלויע די דערגרייכונגענ פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור (אַפּלאָדיסמענטנ).

כאַווײרימ, איצט דערלויבט מיר צו פאַרסאַכאַקלענ דאָס, וואָס עס האָט געגעבנ די דאָזיקע זייער אינטערעסאַנטע דיסקוסיע, האַגאַמ אינ איר איז ניט אַלצ געווענ ביזנ סאָפ קלאָר פאָרמולירט. זי האָט אָפּגעדעקט זייער וויכטיקע דערשייַנונגענ פונ צוויי זייַטנ. אינ די ערשטע אַרויסטרעטונגענ פונ אַ רײ כאַווײרימ האָט זיכ נאָכ ניט געפילט, אַז זיי פאַרשטייענ די באַדייַטונג פונ זוכנ אַ פאַרבינדעטנ, פונ אויסשטרעקנ די הענט צו די שרייַבער, וואָס גייענ צו אונדז אונ וואָס שטייענ אָפּ פאַרשיידענע עטאַפּנ, צו די שרייַבער, וואָס גייענ אָפּ פונ דער בורזשואַזיע. הייַנט איז אינ בעכערס אונ פליוויעס

רעדעם די דאָזיקע פראגע געווענ אויפגעהויבנ אפ א גענוגער הייכ. דאָס דארפ מענ באגריסנ.

איכ בינ טיפ איבערצייגט, אז אונדזערע פריינט, וואָס האָבנ פונ אָנהייב געמיינט, אז זיי האָבנ דאָ צו טאָנ מיטנ ניט דערשאצנ די פראָלעטארישע ליטעראטור, וועלנ פארשטיינ, אז דאָ האנדלט זיכ ניט וועגנ ניט-דערשאצנ די פראָלעטארישע ליטעראטור, נאָר וועגנ דער שטרעבונג צו פארשטארקנ די פראָלעטארישע ליטעראטור דורכ א בונד, דורכ איינשליסנ אינ אונדזערע רייענ די מייסטערס, וואָס גייענ פונ דער בורזשואזיע צומ פראָלעטאריאט, דורכ א דערנענטערונג. אפילע מיט אזעלכע שרייבער, וואָס וועלנ ניט דערגיינ צו אונדז, נאָר וואָס וועלנ אפ א באשטימטנ קאמפ-עטאפ אונדז העלפנ.

## קינסטלער, וואָס גייענ צומ פראָלעטאריאט

מיר האָבנ דאָ געהערט אנדערע ארויסטרעטונגענ,—איינע זייער א קארגע פונ צוויי שורעס, די מעלדונג פונ אנדרע מאלראָ אונ זשאנ רישאר בלאָקס רעדע — א רעדע פונ טיפסטער אופריכטיקייט.

וואָס האָט געזאָגט מאלראָ? מע דארפ פארצייכענענ, אז אונדזער ברייטער עולמ קענ ניט מאלראָ. פראגמענטנ פונ זיינע ווערק זיינענ געווענ געדרוקט אינעמ זשורנאל „אינטערנאציאָנאלע ליטעראטור“, וואָס ווערט בא אונדז ניט גענוג פארשפרייט, כאָטש ער איז א קוואל, פונ וועלכנ מע קאָנ זיכ באקענענ מיט איינציקע דערשיינונגענ פונ דער אינטערנאציאָנאלער ליטעראטור. מאלראָ איז א גלענצנדיקער שרייבער. איכ וויל אימ דאָ ניט ארויסגעבנ קיינ אטעסטאטנ, ער איז אנערקענט אויכ פונ אונדזערע סאָנימ. עס איז גענוג דורכצולייענענ דעמ ארטיקל פונעמ פראנצויזישנ אקאדעמיקער מאָריאַק אינ דער צייטונג פונעמ פראנצויזישנ גענעראל-שטאב „עקאָ דע פארי“.

וואָס זאָגט מאָריאַק אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל וועגנ מאלראָ? דאָס איז זייער א שארפער ארטיקל, אָבער איכ וועל אפ אימ אָנווייזנ דערפאר, ווייל ער וועט העלפנ מאלראָ צו דערזענ די געפאר, אונ אונדז — צו דערזענ די באדייטונג פונ דער אופריכטיקער דערקלערונג

פֿונעם ראַזיקן שרײַבער אָפּן צוזאַמענפֿאָר: „דאָס, וואָס איך בין דאָ, באַטײַט, אַז איך בין מיט אײַך".

דער אַקאַדעמיקער מאָריאַק זאָגט אין זײַן אַרטיקל: „דו, מאַלראָ, ביסט אַ בונטאַר. דו מאַלראָ, פֿאַלסט אָן אויף דער בורזשואַזער קולטור, מײנענדיק, אַז זי גײט אונטער. אָבער דײַן גלענצנדיקער טאַלאַנט איז אַ באַווײַז פֿון דער גרויסקײַט פֿון דער ראָזיקער קולטור. צי דען וועלן דיך לײענען די כינעזישע באַרבאַרן, וועגן וועלכע דו שרײַבסט? מיר, די פּראָװינציזישע בורזשואַזיע, אויף וועלכער דו פֿאַלסט אָן, מיר לײענען דיך און מיר זאָגן: אָט וואָס פֿאַר אַ קולטור מיר האָבן געשאַפֿן, אַז אַפֿילע, ווען אונדזערע בונטאַרעס זידלען זיך מיט אונדז, זידלען זײ זיך אַזוי טאַלענטפֿול, אַז דערין שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע פּראָװינציזישע קולטור".

און װײַטער זאָגט מאָריאַק: „אָט, מאַלראָ, מיר האָבן דיך באַלוינט מיט דער פּרעמיע פֿון די ברידער גאָנקור, פֿאַרוואָס האָבן מיר דאָס געטאָן? מיר זײַנען קלוגע מענטשן. מיר האָבן שוין געזען, וויאַזוי מע קאָן אַרײַננעמען אין די הענט די בונטאַרעס: עס איז געווען מיליעראַן, עס איז געווען בריאַן, מיר האָבן זײ געגעבן אַ שטיקל מאַכט, און זײ האָבן אונדז געדינט. מיר זען, וויאַזוי דו, מאַלראָ, ווײסט אויסהאַלטן אונדזערע ליבעזאַנגען. אונדזער פּרעמיע. צי איז דען ניט בעסער פֿאַר דיר צו לעבן מיט מענטשן, וואָס אַכטן אַזוי די פֿרײַהײט פֿון געדאַנק, און זײ דערלויבן דיר צו זינגען אַ ליבעזאַנג פֿאַר די אומגעקומענע כינעזישע קאָמוניסטן, איידער מיט די ראָזיקע קאָמוניסטן, וואָס, ערשטנס, האָבן זײ זיך ניט מאַטריען געווען איבערצוזעצן דײַנע ביכער אויף רוסיש און צווייטנס, וואָס טשעפּען זיך צו דיר און זאָגן צו דיר: „אָט איז בײַ דיר אַן אָפּנײַג און נאָך אַן אָפּנײַג, דו האָרפּסט שרײַבן אַזוי, און גיט אַנדערש" (אַ געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטן).

און וואָס האָט מאַלראָ געענטפֿערט? ער איז דאָ, מיט אונדז. ער איז אַ מענטש אַ טיפּ אינטעליגענטישער, און אים איז אויסגעקומען אויסצוהערן פֿון אונדז, סאָוועטישע קאָמוניסטן, ניט נאָר ליבעזאַנגען, נאָר אויך האַרבע פֿראַגן און אומאָנגענעמע װאָרצונגען. דאָס רופֿט אַרויס בײַ אַ מענטשן אַזאַ געפֿיל, ווי מע וואָלט אים גענומען אויף אַ צאָן אין אַ גאָלדענער קאָראָנקע און מע וואָלט אים געפּרוּווט צווישן צוויי ציינער, אויף וויפֿל ער איז פֿעסט. אַזאַ גרויסן שרײַבער איז לײַכט צו באַליידיקן זיך און זאָגן:

„לאָזט מיכ צו רו! איכ וועל שרײַבנ, ווי מיר געפעלט, איכ בינ אַ פרײַער פויגל, שטעקט ניט אַרײַנ אײַער נאָז, אונ לערנט זיכ בעסער אויס שרײַבנ אַזוי גוט אונ ליטעראַריש, ווי איכ שרײַב".

מאַלראָ האָט דאָס ניט געטאָנ. בא אימ פלעגט אָפט דאָס פּאָנעמ זיכ פאַרקרימענ, ווענ ער פלעגט האַלטנ, אַז די פראַגע איז געשטעלט צופיל האַרב. אָבער מאַלראָ האָט דאָס אויסגעהאַלטנ אונ ער האָט געזאָגט: „דאָס, וואָס איכ האָב פאַרטיידיקט דימיטראָווג, דאָס, וואָס איכ בינ געפאָרנ קיינ בערלינ צו פאַרטיידיקנ אימ, דאָס, וואָס איכ בינ געקומענ אַהער, באַווײַזט, אַז איכ בינ מיט אײַכ".

(שטורמישע לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטנ. דער גאַנצער זאַל שטייט אויפ, אַפּ צו באַגריסנ מאַלראָענ. מאַלראָ שטייט אויפ אונ פאַרנייגט זיכ).

אונ מיר דריקנ הייס מאַלראָס האַנט אונ מיר זאָגנ צו אימ: „אַפּ די קינסטלער, וואָס שליסנ זיכ אָנ צו דער קעמפנדיקער אַרמיי פונעמ פּראָלעטאַריאַט, וואַרט ניט קיינ לײַכטער וועג. עס וועט געשענ' זײַנ, אַז מאַלראָ זאָל אָנשרײַבנ אַ בוכ וועגנ דעמ קאַמפּ פונ די פראַנצויזישע פּראָלעטאַריער, אַז די גאַנצע בורזשואַזנע פראַנצויזישע פּרעסע זאָל זאָגנ „מאַלראָ האָט פאַרלאָרנ דעמ טאַלאַנט" (אַ געלעכטער. אַפּלאָדיסמענטנ).

אָבער ניט נאָר דאָס דערוואַרט דעמ קינסטלער, וואָס גייט צו אונדז. דעמ קינסטלער, וואָס גייט צו אונדז, דערוואַרט דער אָנטייל אינעמ קאַמפּ, וואָס איז ניט שטענדיק בלויז אַ קאַמפּ אַפּ אַ קאָנגרעס, ווו אײַנ פרײַנט זאָגט דעמ צווייטנ אומאָנגענעמע זאַכנ. אַ קאַמפּ גייט אַ פאַרביטערטער. עס וועט גיינ אַנ אויספּרוווּנג מיט פײַער אונ שווערד אונ מיר ווינטשנ טיפ אונ זײַנענ איבערצײַגט, אַז מאַלראָ וועט די דאָזיקע אויספּרוווּנג, אַלס קריגער פונעמ פּראָלעטאַריאַט, אויסהאַלטנ אַפּ אַזאַ אויפנ, וואָס אַנטשפּרעכט זײַנ גרויסנ טאַלאַנט. (אַפּלאָדיסמענטנ).

כאַווייריס, דאָ איז אַרויסגעטראָטנ זשאַנ רישאַר בלאָק — אַ גרויסער פראַנצויזישער שרייבער, אַ גרויסער דענקער אונ קינסטלער, וואָס פאַרמאָגט ניט נאָר געשטאַלטנ, נאָר אַ קינסטלער, וועמעס מוייעכ עס אַרבעט גוט.

איכ האָב געבראַכט ציטאַטנ פונ זײַנע אַלטע ביכער, וואָס כאַראַקטעריזירנ די עטאַפּנ פונ זײַנ אַנטוויקלונג, ווענ ער, — אַ סוינע פונעמ קאַפּיטאַליזמ — האָט מוירע געהאַט, אַז די פּראָלעטאַרישע רע-

רעװאָלוציע װעט ברענגען צו דיקטאַטור, צו אַ דרוק, צו אַ שאַבלאָן אין דער ליטעראַטור. נעכטן האָט בלאָק מיר געגעבן זײַן לעצטן בוך „סי־ביליא“, פֿון װעלכן איך האָב ביז אַהער ניט געװוּסט, און װאָס איך האָב הײַנט באַנאַכט איבערגעלייענט. דער בוך האָט מיך טיף אויפֿגערודערט. דער דאָזיקער בוך, װי ער באַװײַזט, װיאַזוי אַ קינסטלערן װערט אַ קאָמוניסטקע, באַװײַזט ער, גלײַכצײַטיק, װיפֿל אַלטע ספּייקעס זײַנען פֿאַרשװוּנדן געװאָרן בײַ אים אויף די װעגן פֿון זײַן אַנטװיקלונג.

און װאָס האָט דאָ געזאָגט בלאָק? — ער האָט געזאָגט: „מישט ניט צונויף דעם אינדיװידואַליזם מיטן אינדיװידוּום, קעמפֿט קעגן דעם אינדיװידואַליזם, קעגן דעם, אַז דער שרײַבער זאָל זײַן אַ קאַץ, װאָס גייט נאָר מיט איר װעג, אָבער שעצט טיף די אינדיװידואַליטעט, שעצט דעם מענטשן. אויב איר װעט דאָס ניט קענען טאָן, װעט איר אָפּשטויסן אין די לענדער פֿון דער אַלטער קולטור אַסאַך, װאָס װאָלטן געקאָנט צו אײַך קומען“.

כאַװײרים, דאָס, װאָס בלאָק האָט געזאָגט, איז ריכטיק. מע דאַרף אונטערשיידן דעם אינדיװידואַליזם, „די גיטהאַרטעלישקייט“, דאָס ניט קענען גיין מיטן קאָלעקטיװ, פֿון אַכטונג צו דער פּערזענלעכקייט. די זיגרײַכע רעװאָלוציע איז אַ באַדינג פֿאַרן רײַכסטן אויפֿבלי פֿון דער פּערזענלעכקייט. מיר — די אַרמיי פֿונעם קאָמוניזם — באַשטייען ניט פֿון נומערן. די קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט װעט אין מיליאָנען מאָל מער זײַן רײַכער מיט גרויסע פּערזענלעכקייטן, װי עס האָט געקאָנט זײַן אַ װאָסער עס איז אַנדערע געזעלשאַפֿט. עס איז גענוג שוין איצט אַ קוק צו טאָן אויף אונדזער לאַנד. װוּ און אין דער װעלט זײַנען פֿאַר 15—16 יאָר פּאַסטעכער אויסגעװאַקסן אין פֿילאָסאָפֿן, אין קאָרפּוס־קאָמאַנדירן, אין אוניװערסיטעט־פּראָפֿעסאָרן?

בײַ מיר איז פֿאַראַן אַ פֿרײַנדין, װאָס אונטעריכט עקאָנאָמיק אינעם אוניװערסיטעט. אַלײן איז זי אַ געבוירענע פֿון אויראָטיע, װוּ זי איז געװאַקסן אין דער אַרומרינגלונג פֿון שאַמאַנען. און װעגן אַזאַ אויראָטקע, װאָס איז געװאָרן אַ פּראָפֿעסאָר, האָט אויסגעהאַנגען איבערן טיש די פּאָרטרעטן פֿון מאַרקס, לענין און סטאַלין, האָט איינער מײַנער אַ פֿרײַנט געזאָגט: זי שאַמאַנעט פֿאַר מאַרקסן, לענינען און סטאַלינען. דער דאָזיקער שפּאַס באַװײַזט, אַז נאָך נעכטן האָט זי געלעבט אין אַ באַרבאַרישער אומגעבונג, און איצט שאַפֿט זי אַ נײַע קולטור.

מיר האָבנ זאַוואָד־דירעקטאָרס, וואָס קענענ די טעכניק אויסגע־צייכנט, אונ וואָס זײַנענ געווענ שוואַרצ־אַרבעטער אינ זייערע זאַוואָדנ.

בײַ אונדז זײַנענ פאַראַנ זאַוואָדנ אופ אַזעלכע פּלעצער, ווו מיט פערטהאַלבנ יאָר צוריק איז געווענ אַ זומפּ, אונ די ענטלעכ, וואָס קו־מענ צו פליענ פרילינג, זוכנ אים נאָכ לויטנ אַלטנ זיקאָרנ.

אופ די האָזיקע ערטער האָבנ די קאָמיוניסטנ פונ די קאָלווירטנ אויסגעבויט די קאָלאָסאַלסטע פאַבריקנ, אונ אופ איינער פונ זיי, אינ גאָרקי, האָב איכ געזענ אַנ אַרבעטער מיט אַ 40־יאָריקנ סטאַזש, וואָס אַרבעט אַלס שעפ פונ אַ צעכ, אונ וועמעס צוויי זינ זײַנענ אינזשע־נירנ אינ אָט דעם זאַוואָד. (אַפּלאָדיסמענטנ). אונ אינ די אַלע זאַ־וואָדנ זײַנענ פאַראַנ צענדליקער טויזנטער נײַע אינדיווידואַליטעטנ, נײַע רײַכע אינדיווידואַליטעטנ, וואָס מיר האָבנ געשאַפנ. וואָס שטאַרקער מיר וועלנ זײַנ, אַלצ לײַכטער וועט אונדז זײַנ דאָס צו טאָנ.

ווענ מיר דערנענטערנ זיכ אינ געדאַנק צו אַזעלכע לענדער, ווי פראַנקרײַכ, מוזנ מיר שטענדיק געדענקענ דאָס, וואָס הערצענ האָט געשפּירט, ווענ ער איז דאָס ערשטע מאָל געווענ אינ קעלנ. ער האָט געזאָגט, אַז יעדער שטיינ פונ אָט דער אַלטער שטאָט האָט אַ גרעסערע קולטור־געשיכטע, ווי אַלע געבײַדעס פונעמ צאַרישנ רוסלאַנד אינ די 50־קער יאָרנ. מיר דאַרפנ דאָס געדענקענ. אונ, כאַוויירימ־פראַנצויזישע שרײַבער, איר זײַט גערעכט, ווענ איר ווײַזט אונדז אָנ אופ דער דאָזי־קער פאַרגאַנגענהײַט, וואָס האָט בײַ אײַכ געשאַפנ מער אינדיווידואַלי־טעטנ, ווי ס'האָט פונ זיי געוווּסט דאָס צאַרישע רוסלאַנד, אָבער איר וועט זײַנ ניט גערעכט, אויב איר וועט צו אײַערע לייענער אינ אײַער לאַגער ניט זאָגנ: „אינדיווידואַליטעטנ, שטעלט זיכ אינ אַ שערענגע, עס גייט אַ שלאַכט פאַר דער צוקונפט פונ מענטשלעכנ געשלעכט!“ (אַפּלאָ־דיסמענטנ).

## וווּהינ ווענדנ די אויגנ פונ דער ליטעראַטור

דערלויבט מיר, כאַוויירימ, צומ סאָפּ פונדעסטוועגנ זיכ אומקערנ צו די פראַגנ פונ פאָרמ, וואָס כאַווער ה ע ר צ פ ע ל ד ע האָט דאָ געשטעלט אינ זײַנ זייער וויכטיקער אונ זייער געפערלעכער אַרויסטרעטונג.

דאָס, וואָס הערצפעלדע זאָגט, האַלט איכ פאַר געפערלעכ פאַר דער סאָוועטישער ליטעראַטור אונ געפערלעכ פאַר דער פּראָלעטאַרישער אויסלענדישער ליטעראַטור.

הערצפעלדע איז דאָ ארויסגעטראָטן מיט א טעזיס ניט וועגן דעם, אז עס לוינט לייענען דזשויסן; איך קאָן ניט אזא שרייבער, א מער אָדער ווייניקער גרויסן, בא וועלכן מע זאָל ניט קענען עפּעס אָפּלערנען זיך. הערצפעלדע איז דאָ ארויסגעטראָטן מיט אן אָפּשאצונג פון דזשויסן, וואָס גייט זיך שארף פאנאנדער מיטן בריטן שליאך פון אונדזער ליטעראטור — מיטן סאָציאליסטישן רעאליזם.

וואָס האָט הערצפעלדע געזאָגט? אז דזשויס איז א גרויסער קינסטלער. איך בין דאָס אבסאָלוט ניט אויסן אָפּצולייקענען. אויב א מענטש וועט אָנשרייבן א בוך פון 800 זייטן אָן פּונקטן און קאָמעס, וווּ אלע טיילן זיינען איבערגעפּלאָנטערט, און פונדעסטוועגן ווערט אָט דער בוך גערן געלייענט פון טויזנטער שרייבער, און זיי זעען אין אים געוויסע נייע מעטאָדן פון אויסדריקן די געפילן, איז דאָס — ניט קיין געוויינלעכע דערשיינונג. און זעלבסטפארשטענדלעך, אז עס וועט קיין שום שאָדן ניט זיין, גאָר עס וועט זיין א נוץ, אויב אונדזערע שרייבער וועלן זיך באקענען מיט דזשויסן און וועלן צעקייען, וואָס אזוינס איז דזשויס. עס האנדלט זיך ניט נאָר וועגן לייענען, נאָר אויך וועגן דעם, וואָס אזוינס איז דזשויס, וויאזוי איז די באציִונג פון זיין פאָרם צום אינהאלט.

„ראדעק זאָגט, אז דזשויס פאָטאָגראפירט א קופּע מיסט מיט דער הילף פון א פאָטאָ־אפּאראט דורך א מיקראָסקאָפּ", — באקלאָגט זיך הערצפעלדע. ער האָט זיך באליידיקט פאר דער „קופּע מיסט", כאָטש א קופּע מיסט איז פּונקט אזא טייל פון דער ווירקלעכקייט, ווי די זון, ווי א טראָפּן טוי, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די זון. א קופּע מיסט קאָן זיין א באשטאנד־טייל פון א גרויסן בילד. הערצפעלדע האלט, אז ער דריקט אויס בעסער דזשויסן, ווען ער זאָגט: „ניין, ער פאָטאָגראפירט ניט קיין קופּע מיסט — ער פאָטאָגראפירט זיינע אינגעווייטן".

איך בין ניט קיין אנאטאָם, אָבער איך שטים זיך אָן, אז אויך אין די אינגעווייטן פון א מענטשן געפינען זיך פארשיידענע באשטאנד-טיילן פון א קופּע מיסט (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטן). די דאָזיקע אויסבעסערונג איז ניט קיין וועזנטלעכע, אָבער זי אנטפּלעקט אייך געפּאר, וואָס הערצפעלדע האָט ניט אונטערגעשטראָכן. שוין־זשע דארפן מיר איצט זאָגן דעם קינסטלער, דעם סאָוועטישן

און דעם אויסלענדישנ רעוואָליוציאָנערנ קינסטלער: „קוק אינ דײַנע אינגעווייטנ".

ניינ! מיר דאַרפנ אים זאָגנ: „זע, מע גרייט א וועלט־מילכאָמע, זע, די פאַשיסטנ ווילנ דערשטיקנ די רעשטנ קולטור און אָפּנעמענ דאָס לעצטע רעכט בײַ דעמ ארבעטער, זע, די אָפּשטאַרבנדיקע קאַפּיטאַליסטישע וועלט וויל דערשטיקנ דעמ ראַטנ־פאַרבאַנד". דאָס דאַרפנ מיר זאָגנ דעמ קינסטלער און מיר דאַרפנ דעמ קינסטלער א קערעווע טאָנ פונ זײַנע „אינגעווייטנ" צו די דאָזיקע גרויסע פאַקטנ פונ דער רעאַלישקײַט, וואָס קענענ פאַלנ אַפ אונדזער קאָפּ.

דזשאָיס ספּעציפיק, דזשאָיס היסטאָרישע ראָליע איז ניט אינ דער אָדער אַנדערער קונציקער דערפינדונג פונ דער ליטעראַרישער טעכניק. דזשאָיס פאָרמ אַנטשפּרעכט דזשאָיס אינהאַלט, און דער דזשאָיסישער אינהאַלט איז אַנ אָפּשפּיגלונג דערפונ, וואָס עס איז דאָס סאַמע רעאַקציאָנערסטע אינעמ קליינבירגערטומ.

דאָס איז דער טיפסטער פעלער. דזשאָיס האָט ניט דערזענ דעמ זיכ גרייטנדיקנ אופשטאַנד פונ דער אירלענדער ניט דערפאַר, וואָס ער איז געקומענ אינ 10 יאָר אַרומ, נאָר דערפאַר, וואָס דאָס לײַבלעכע פאַר דזשאָיסנ איז נאָר דאָס מיטלאַלטערישע, מיסטישע, דאָס רעאַקציאָנערישע אינעמ קליינבירגערטומ, טײַווע, אָבער אימ איז פרעמד אַלצ, וואָס עס קאָנ שטויסנ דאָס קליינבירגערטומ אַפ דער זײַט פונ דער רעוואָליוציע.

הערצפעלדע האָט דאָ אָנגערופנ דעמ נאָמענ דאָס פאַסאָס, וואָס געפינט זיכ אונטער דזשאָיס ווירקונג. דאָס פאַסאָס איז א גרויסער רעוואָליוציאָנערער קינסטלער. אָבער אויב ער האָט נאָכ ניט דערגרייכט די הייכ, אַפ וועלכער ער האָט געקענט זיכ שטעלנ, און איכ האָפ, אַז ער וועט זיכ שטעלנ, איז דאָס דערפאַר, וואָס ער געפינט זיכ ניט אונטער דער ווירקונג פונ מאַרקסנ און פונ די גרויסע קינסטלער פונעמ רעאַליזמ, נאָר אונטער דזשאָיס ווירקונג.

דאָס פאַסאָסעס פאָרמ איז דאָס־פאַסאָסעס שוואַכקײַט, א שוואַכקײַט ניט בלויז פונ א פאָרמעלנ כאַראַקטער. ווו זײַנענ אירע קוואַלנ? א יונגער אַמעריקאַנער אינטעליגענט איז אַוועק אַפ דער מילכאָמע.

דאָרט איז ער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט אָנגעהויבן האַסן די מילחמה. ער האָט געזען דאָס בילד פון צעפאַלונג, אָבער בײַ אים איז ניט געווען קיין איינהייטלעכע וועלט-אַנשויונג. דעריבער שרײַבט ער ביאָגראַפיעס פון צוויי העלדן איינע נאָך דער אַנדערער, אַזוי אַז די דאָזיקע ביאָגראַפיעס זאָלן צוזאַמענשטעלן אַן אַלגעמיין בילד. אָבער ער פילט, אַז די דאָזיקע ביאָגראַפיעס קומען פאָר אויפן פאָן פון דער געשיכטע, נאָר דעם דאָזיקן פאָן פון דער געשיכטע קען ער ניט געבן, ווײַל ער קען ניט פאַראַלגעמיינערן. דעריבער גיט ער ציטאַטן און אויסצוגן פון צײַטונגען, קעדיי צונויפצוקלעפן דעם פאָן, וואָס ער אַליין קען ניט געבן, ניט קענענדיק פאַראַלגעמיינערן.

מיט וואָס שיידט זיך אונטער דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם פון אָט די אַלע זוכענישן?

מיר פאָטאָגראַפירן ניט דאָס לעבן. מיר זוכן ניט אין דעם סכום פון די דערשײַנונגען די פירנדיקע דערשײַנונגען. עס איז ניטאָ קיין רעאַליזם, וואָס זאָל געבן אַלץ, ניט פאַנאַנדערקלײַבנדיק זיך. דאָס וואָלט געווען דער סאַמע באַנאַלער נאַטוראַליזם. מיר דאַרפן אויסקלײַבן די דערשײַנונגען. דער רעאַליזם באַשטייט דערין, וואָס מיר מאַכן דעם אָפּקלײַב פונעם שטאַנדפּונקט פון אָפּקלײַבן דאָס וועזנטלעכע, פונעם שטאַנדפּונקט פון אָפּקלײַבן דאָס פירנדיקע. און וואָס ס'איז וועזנטלעכע, — וועגן דעם זאָגט שוין דער נאָמען גופא — סאָציאַליסטישער רעאַליזם.

אָבער אָט וואָס איך וויל זאָגן די סאָוועטישע און אויסלענדישע שרײַבער:

„אונדזער וועג גייט ניט דורך דזשאָיסן, נאָר אפן ברייטן שליאַך פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם”.

איך וויל ניט מיט מײַן אַרויסטרעטונג קעגן הערצפעלדן, אָפּ וועלכן עס איז אויפן פאַרקלענערן דעם אינטערעס צו די ווערק, וואָס קאָנען זײַן אינטערעסאַנט פאַר די שרײַבער פונעם שטאַנדפּונקט פון דער שרײַבערישער טעכניק. איך האָב געהאַלטן פאַר מײַן חובֿ אָפּצושטעלן זיך אויף דער דאָזיקער פראַגע דערפאַר, ווײַל בײַ עמעצן פון אונדזערע שרײַבער שמוגלט זיך שוין דורך אַן אומגעזונטער אינטערעס צו דזשאָיסן.

דאָ קאָן מען זען, וואָס באַטײַט דער דאָזיקער אינטערעס צו דזשאָיסן. ער באַטײַט: קריך ניט צו מיר מיט קוזנעצקבוי, מיט מאַגניטבוי,

מיט ראָמאַנטישע פֿאַנטאַזיעס, מיט שלאָגלעך. איך וועל בעסער געבן קלײנינקע זאַכן, אָבער זײער קאָמפּליצירט, אָריגינעל, קונציק.

דערלויבט מיר דאָס דאָזיקע שלוס־וואָרט צו פֿאַרענדיקן מיטן אויסדריקן די זיכערקײט דערין, אַז אונדזער צוױיטאָגיקע דיסקוסיע מיט אונדזערע וואָפֿן־בראַווייזיום — מיט די אויסלענדישע שרײַבער, — וועט דערנענטערן דעם מאָמענט, ווען מיר וועלן קאָנען צונויפֿרופֿן דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפֿאָר פֿונעם פֿאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער.

דערלויבט צו האָפֿן, אַז אויף אָט דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטישע רעוואָלוציאָנערע שרײַבער וועלן מיר קאָנען זאָגן, אַז זינט אונדזער צוזאַמענפֿאָר איז אָנגעקומען אַ גרויסע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, וואָס שטיצט זיך אויף דער פֿאַרענדיקונג פֿון דער בויונג פֿונעם סאָציאַליזם אין ס.ס.ס.ר., אויפֿן זיג פֿון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין אַ רײ לענדער, אויף דער דערנענטערונג פֿון די בעסטע שרײַבער פֿונעם אָפּשטאַרבנדיקן קאַפּיטאַליזם מיט די פּראָלעטאַרישע שרײַבער אין איין פֿאַמיליע שעפֿער פֿון געשטאַלטן פֿונעם נײַעם לעבן, פֿונעם לעבן פֿונעם זיגערישן סאָציאַליזם. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

# אינהאלט

Редактор перевода А. Фрумкин. Техн. ред. М. Погостер.
Корректор И. Гутенмахер.

---

Сдано в производство 11/IX—34 г. Подписано к печати 21/IX—34 г.
Форм. бум. 82×101/32. 4 п. л. 37.000 зн. в п. л.
Уп. Главлита В 96773. «Эмес» № 79. Тираж 3.000.

---

Типография изд-ва «Дер Эмес», Москва, Покровка, 9. Зак. № 759